ארויסגעגעבן מיט דער הילף פון דער

**פנחס און חיה הובערמאן פונדאציע,**
וואנקוווער

**שמואל לאפּיטסקי פונדאציע,**
מאנטרעאל

**ערליך־אלטער ברענטש, ארבעטער רינג,**
מאנטרעאל

**רייזל בינסטאק,** אין אנדענק פון אהרן־הערש בינסטאק
**אסתר קערשמאן**
**לאה און טעא זילבער**



ד א נ ק ז א ג ו נ ג

**דער פּנחס און חיה הובערמאן פונדאציע,** וואנקוווער,
**דער שמואל לאפּיטסקי פונדאציע,** מאנטרעאל,
**דעם ערליך־אלטער ברענטש, ארבעטער רינג,** מאנטרעאל,

**רייזל בינסטאָק,**
**אסתר קערשמאן,**
**לאה און טעאָ זילבער,**

פאר זייערע סובסידיעס; —

דעם באוווסטן דיכטער און עסייאיסט **שלום שטערן**, פאַרן פאַרוואָרט און פאר זיינע באמערקונגען;

**יצחק הערצמאן, מאשע שיף**, פאר ארויסהעלפן מיט דער קאָרעקטור פון טיפּאָ־גראפישע גרייזן.

## ACKNOWLEDGEMENTS

This book would not be possible without the help of many people. I want to acknowledge the importance of their support.

For encouragement and advice, I wish to thank the eminent writer and poet *Sholem Shtern, Dr. J. Kage, I. Hertzman, A. Bogin, Ch. Spilberg, D. Hirshtal, Esther Kershman, Lea Silber, Masha Shiff, L. Kokin, Pearl Akselrod, Mina Wolkovicz and all my friends.*

For their invaluable contributions I wish to thank:

The Pinkus and Chaia Huberman Foundation, Vancouver,
The Samuel Lapitsky Foundation in memory of Samuel and Rose Lapitsky, Montreal,
The Erlich-Alter Branch, Workmen's Circle, Montreal.

*Individuals:*

*Rose Bienstock, in memory of her husband Aron-Hersh Bienstock*
*Esther Kershman*
*Lea & Theo Zylber*



I wish to thank the talented young Russian artist, Igor Bitman, who designed the cover, as well as my friend Z. Vlasta Nosek, for the illustrations;
Abraham Bogin, Prof. Morty Schiff, Esther Kershman and Perla Bartfeld, for the translations.

On a more personal note deep gratitude goes to my husband Nuhem Kohn and my dear friend Esther Kershman for their unflagging support, patience and understanding.

# אינהאלט

## חורבן לידער



## לידער געווידמעט

### נחום קאהן, שלום שטערן, אסתר קערשמאן, וואלאסטא נאסעק, מלך שיף ע״ה



### לידער געווידמעט מדינת ישראל



## פיר סעזאנען

### פרילינג • זומער • הארבסט • ווינטער •



## יום־טובים



## קינדער לידער

# אינהאלט

## קינדער לידער



## הומאריסטישע און סאטירישע לידער



## פארשידנארטיקע לידער



## פראזע



French — English Translations From 243-264

# די דיכטערין גרוניא קאהן

גרוניא קאהן איז א טאלאנטפולע דיכטערין, וואס אירע לידער זיינען פון א פארשידנארטיקן זשאנער. זיי זיינען עמאציאנעל און דורכגעווארעמט מיט דער שטימונג פון איבערלעבענישן און ליכטיקן מיטן האפן אויף א וועלט פון גנאד און גליק. אין פיל פון אירע פערזן נאגט דער אומעט פון בענקשאפט נאך דעם יונגן אמאל.

א צאל טאלאנטפולע לידער זיינען בילדלעך און מאלן דעם היימישן, קאנאדישן פייזאזש. זי ברענגט ארויס אירע איבערלעבענישן און געפילן אין קלארע, ווארהאפטיקע פאעטישע אימאזשן און מעטאפארן. די פאלקסטימלעכע סטראפן זיינען אין פאעטישער פשטות, וואס ווירקן אויפן לייענער מיט דער עכטקייט פון פאעטישן אויסדרוק.

א צאל פון די לידער אין פאלקס־טאן זיינען מוזיקאליש. די קלאנגפולקייט פון די הארמאנישע פערזן איז צוגעפאסט, עס זאל צו זיי געשאפן ווערן מעלא־דיעס, וואס וואלטן זיך גרינג און גיך אנגענומען ביים עולם און מיט דער צייט וואלטן זיי געווארן אמתע, באליבטע פאלקסלידער.

די מערסטע לידער זיינען ליריש און דער טאן א שטילער. זי הויבט נישט אויף איר קול. אט דער שטילער, רואיקער אופן פון איר פאעטיש שאפן, זינגט זיך אריין אין געמיט פון לייענער.

די דיכטערין גרוניא קאהן איז פון די ניי ־ געקומענע פון סאוועטן פארבאנד, וואו זי איז געווען א רוסישע לערערין. אבער זי איז אנגעזאפט מיט דער קענטשאפט פון יידיש וויסן און יידישן שטייגער־לעבן. צווישן דעם עולם אימיגראנטן פון סאוועטן פארבאנד איז זי א וואונדער פון קענען אויפהאלטן אין זיך דעם יידישן גייסט און אנהאלטן דעם אייגנארט יידישן טראדיציאנעלן לעבנס ־ פיר. פון איר געמיט קוועלט ארויס דער שטילער אומעט און די פרייד פון האפן.

גרוניא קאהן מאכט איר דעביוט אין דער יידישער פאעזיע מיט איר ערשטער לידער־זאמלונג פון לידער און פראזע. הגם, א צאל פון אירע לידער זיינען געדרוקט געווארן אין אנגעזעענע ליטעראַרישע זשורנאלן, איז איר טאלאנטפול לידער־בוך דער ערשטער הצלחהדיקער אריינקום אין דער סביבה פון דער יידישער דיכטונג. איר ערשטע לידער־זאמלונג איז א ספר־שירים מוצלח ־ א דיכטעריש בוך, און וועט זיין א צושטייער פאר דער יידישער פאעזיע.

שלום שטערן



איך בין דאנקבאר אלעמען, ווער ס'האט מיר געהאלפן ארויסגעבן דאס בוך, מיך אונטערגעהאלטן מאראליש אין שווערע מאמענטן, ווען כ'האב שוין פארלארן די האפענונג צו זען מיינע לידער געדרוקט.

באזונדערס דאנק איך דעם באוווסטן דיכטער און עסייאיסט שלום שטערן, דר. י. קיידזש, י. הערצמאן, א. באָגין, ח. שפילבערג, ד. הירשטאל, אסתר קערשמאן, לאה זילבער, מאשע שיף, ל. קאקין, פערעלע אקסעלראד, מינא וואלקאוויטש און אלע מיינע גוטע פריינט.

איך וויל אויך באדאנקען דעם טאלאנטירטן יונגן רוסישן מאלער איגאר ביטמאן פאר די שער־בלאט און מיין פריינד ז. וולאסטא נאסעק, פאר די איליוס־טראציעס;

אברהם באָגין, מאטל שיף, אסתר קערשמאן און פערל בארטפעלד, פאר די איבערזעצונגען.

**גרוניא קאהן**

ליבע מאמע, גוטע מאמע,
אויף א רגע קום צוריק
ס'איז דאס גרעסטע גליק אין לעבן
זען דיך ווידער, זען דיין בליק.



# מיין מאמע

**1984**

נישט געווארעמט האט מיין מאמע
לאנג מיך מיט איר בליק.
איך דערמאן די קינדעריארן —
זיי קומען ניט צוריק...

ווי געזונגען האט מיין מאמע
לידער מיר פארנאכט
"ס׳איז ניטא נאך אזא מאמע",
האב איך מיר געטראכט.

פארן שלאף ארומגענומען,
צוגעדריקט צו זיך
צארט געגלעט, א קוש געגעבן,
אויסגעטאן די שיך.

און דערציילן פלעגט די מאמע,
מעשהלעך אן שיעור
ביז כ׳פלעג איינשלאפן צופרידן,
שטיל פארמאכט די טיר.

אינדערפרי אין שול באגלייטן:
"גיי דעם גלייכן וועג"...
איך דערמאן די אלטע צייטן
און מיין מאמעס בליק...

# ווייט, ווייט, אוועק...

**1984**

ווייט, ווייט אוועק, אוועקגעפלויגן,
די שיינע טעג, די גוטע טעג
מיט שוואכע טריט און איינגעבויגן
געלאזט זיך אין א לאנגן וועג.

אזוינע ליבע, זיסע טעג, ווי קען מען
שנעל די טעג פארגעסן?
איך האב מיין גליק אין זיי דערזען,
געחלומט, זאט געווען און עסן.

געזעסן שעהען אין דער שטיל
זיך צוגעהערט, ווי ס׳קלינגט
דיין שטים. מיט ליבשאפט,
און מיט גרויס געפיל.

פארצויבערט האט די פראכט, דיין ליד,
די בלומען פון ארום
האבן געווינקט צו מיר, גערופן:
״קום צו אונדז נענטער,
קום! קום! קום!״...

און טיף אין הארצן איז פארבליבן
דער זיסער טעם פון יענע טעג,
פון זוניקע, פון הייסער ליבע,
דער גרינער וואלד, דער שמאלער וועג.

איך האב געציטערט צו פארלירן
די שיינע טעג, די גוטע טעג
פארמאכט, פארשלאסן אלע טירן
און ניט באמערקט, ווי איר זייט אוועק...



ווו איז מיין באבע?

# ווו איז מיין באבע?

### פאר מיין טאכטער חיהלע קאהן

**1983**

מיד געווען בין איך פארנאכט
געקוקט אין פענצטער און געטראכט:
קינדער שפילן זיך אין גאס,
ס'הויבט אן צו רעגענען, ס'ווערט נאס.

איך רוף מיין קינד אהיים צו גיין,
אלץ צוגעגרייט צום עסן שוין:
א ווייסער טישטוך אויפן טיש,
עס שמעקט אזוי געפילטע פיש...
"כ'האב אפגעבאקט א גוטן קוכן
קום, מיין קינד, דו וועסט פארזוכן".

מיין קינד איז אומעטיק, פארטראכט,
"באליידיקט ווער?" "ניין, מאמע, קיינער.
געקומען צו לאריסקען געסט,
צוויי באבעס גאר, גאר שיינע
פארוואס האט יענע באבעס צוויי
און איך האב ניט קיין איינע?"

דאס הערצעלע פארקלעמט האט איר
זי כליפעט אזוי ביטער
צוויי פינגערלעך געוויזן מיר
און חזרט איבער אן א שיעור:
"ווי גליקלעך זענען יענע,
וואס האבן באבעס צוויי.

און ווו איז מיינע, מאמע.
וואס קומט זי ניט צו מיר?
איך וואלט געוואלט כאטש איינע
אן אלטיטשקע, א קליינע
אבי א באבע מיינע
זאל אנקלאפן אין טיר".

ס'איז ניט געווען מיר גרינג
צו אפּנאַרן מיין קינד...

"איין באָבע איז פאַרלוירן,
די צווייטע וווינט גאָר ווייט,
זי וואָלט געווען גליקלעך
זיך שפּילן מיט דיר היינט
און מעשהלעך דערציילן,
און לידער זינגען דיר,
און ברענגען דיר מתנות
און צודריקן צו זיך.

בארואיק זיך אצינד,
כ'וועל אנשרייבן דער באָבען
דו בענקסט נאָך איר, מיין קינד.
ווּעסט לאַנג ניט דאַרפן וואַרטן,
שלאָף שטיל די גאַנצע נאַכט
כ'וועל שטיין אנשטאָט דער באָבען
לעם בעטל דיינעם וואַך."

# מיין דור

**1983**

ער איז געווען בלויז 18 יאר־
דער יונג פון מיין דור.
א קאפ געלאקטע, שווארצע האר
פאר יעדע יידישע טאכטער,
א גוטע פאר...

אויגן ־ ווי א טיפער קוואל,
געשיינט, געגלעט האט זייער שטראל.
נאך ניט געלעבט, נאך ניט צעבליט,
ניט אויסגעזוונגען נאך זיין ליד,
מיר בלויז פארטרויט: "איך האב דיך ליב".

געפאלן אזא יונגער זאנג, א גאלדן זאנג,
געבליט ניט לאנג.
עס האט די וועלט דערלאזט פארשלינגען,
אומשולדיקע יונגען...

"קנאספן, בליונג פון מיין פאלק,
פאר וועמעס זינד האט איר באצאלט?
בעוולט וועמען?
און איר, שפראצונגען און קווייטן,
אויסגעשניטן אויף די בייטן,
פאר וועמעס זינד?"

פון די קברים חתן־כלה,
איינגעוויקלט אין איין טלית,
פיצלעך קינדער, אלטע זקנים,
פרעגן שטיל: "פאר וועמעס זינד?"

זיי וויינען און קלאגן,
ס'פליסט בלוט, נישט קיין טרערן
"א, ליבער גאט, כ'האף
וועסט די תפילות דערהערן"...

# פערל

**1984**

האסט געזען די פערל
אירע שווארצע אויגן?
ווי געפלאסן טרערן,
זיי האבן צוגעצויגן.

האסט געזען די לאקן
אויף איר קאפ דעם שיינעם?
ס׳האט זיך אפגעשפיגלט
אין דעם טייך, דעם ריינעם.

אירע בלאסע ליפן
האבן שטיל געבעטן
און די שוואכע ריפן,
ועט די זון נאר גלעטן.

לאנג נאך דיר געטרויערט,
ביסט געווען איר שטערן.
ס׳האט דער װאלד באדויערט:
״ווײן נישט, כ׳קען ניט הערן!״

אזא בוים א יונגער,
אזא בוים א שיינער,
אזא טיפער ווייטיק,
טרייסטן קען איר קיינער...

# משהלע

**1984**

וואס מאכסטו, עפעס, משהלע
מיין אלטער, גוטער פריינד?
אוועק די יונגע יארן,
אוועק די שיינע צייט.

עס ווארעמט נאך א שוואכער
שטראל
פון יענע גוטע טעג,
פון זוניקע, פון בליענדע,
אויף אונדזער שווערן וועג.

פון פלאמענדע, פון ברענענדע,
פון שטראלענדע, פון פרייד,
פון ווארעמע, פון ליבענדע,
פון יענע זיסע רייד.

פון ליכטיקע און פינסטערע,
אן שטערן, קאלטע נעכט
פארלארענע, פארצארענטע,
גיי זוך, ווער ס'איז גערעכט.

דו ביסט פארבליבן, משהלע,
מיין אלטער, גוטער פריינד:
א ווארעמער, אן הארציקער,
אן אמחו נאך ביז היינט.

פארלארן דיך אין טיפן װאלד,
געזוכט, געווארט, געגלויבט
קומסט באלד,
זיך נישט דערוואַרט...

פריש אין זיכרון יענע טעג,
דער לאנגער וועג, דער שווערער וועג,
אלץ איז פארביי, אלץ איז אוועק,
ווי יענע גוטע, ליבע טעג...

# 40 יאר נאכן חורבן

איך בין נישט דער ערשטער דור און ניט דער צווייטער,
איך בין דער דור, וואס לעבט נאך, נישט דער טויטער.
פארלארן האב איך טאטע, מאמע, שוועסטער און משפחה,
נישט געבליבן קיינער — אלע דארט, פארברענט...

איך קען ניט שלאפן, איך דערמאן זיך ווידער
די ווונדערבארע טעג און ווונדערבארע לידער
ווען אפט געזונגען האט מיין מאמע אירע פריינט,
דער ניגון קלינגט אין מיין זכרון נאך ביז היינט.

ניטא שוין מער די גוטע טאטע־מאמעס,
די אלטע באבע־זיידעס פון אמאל.
א נייער דור איז אויסגעוואקסן. אמת,
פארבליבן איז נאך גאר א קליינע צאל
פון יענעם דור, פון ערשטן דור...

פארבליבן גאָר ווייניק דאָ משהלעך, שלמהלעך,
צירעלעך, רחלעך, מלכהלעך, דבורהלעך.
יונגענקע בוימעלעך, קליינע מצבהלעך
שטייען אפילו ניט אויף אייערע קברימלעך.

לאמיר דערמאנען היינט די יענע דבורהלעך,
טייערע משהלעך, יענקעלעך, שלמהלעך.
די, וואס געפאלן אין ווארשע, אין געטא,
די יידישע העלדן, די יונגע פאעטן
אין גראדנע, אין ביאליסטאק, ווילנע און קאוונע,
און די פארטיזאנען, אין די וועלדער לעם ראוונע.

בלויז זעכצן — געפאלן אברעמעלע דרוקער
א העלד, וואס קיין גלייכן צו אים איז נישטא
און לייזער קאהן, מאטעלע, יצחק און שווארץ,
דערמאנען זיי אלע, עס רייסט אויס דאס הארץ.

קליין חיים און קלמן, צוויי העלדישע ברידער
געקעמפט, ווי די לייבן, געפאלן אין קאמף,
ווי טויזנטער אנדערע, העלדן אן צאל...

און די יונגע קינדערלעך, די יונגע בוימעלעך,
וואס ניט דערלעבט האבן אויסוואקסן, אויפבליען,
אויסזינגען די אלע יידישע לידעלעך,
אויסטאנצן, אויסשפילן יידישע פידעלעך
אלע די, זאגן דעם שונא: ״גענוג!״

גענוג שוין געשניטן, געשלאגן, געמאטערט,
געפייניקט, געלאכט און געצאפט יידיש בלוט!
ס׳איז ניט נאר 40 יאר, ס׳איז נישט נאר 6 מיליאן,
ס׳איז די פארגאנגענע, גרויזאמע צייט,
ס׳רעדט יידיש בלוט פון העלדן, גרייט צום קאמף,
פון ווארשעווער געטא, פון קיעוו, פון ליטע,
פון אומעטום, ווו נאר געווען איז די שחיטה.



**גרוניא קאהן לייענט איר פאעמע אין**
**מאנטרעאלער חורבן אנדענקונגס צענטער.**

# דער אלטער שמיד

**1986**

מען האט געשניטן יעדן גליד
פון אלטן שמיד
פארוואס? פאר ווען?
"געכאפט" דעם זשיד.

געשמידט פאדקאוועס און געזייעט,
פארדינט אויף שבת, זיך געפרייט
די פערד געגלעט, צו זיי גערעדט:
"שטיל, פערדעלעך, איך בין א שמיד".

די פערדלעך קייען לאנגזאם היי,
ארום איז טרויעריק אזוי
אין קוזניע פינצטער, טויט דער שמיד
נישטא אין שטעטל מער קיין ייד.

און עפעס פעלט, און עפעס בענקט,
נאך דעם געזאנג פון אלטן שמיד
די פערדלעך הערן נישט זיין ליד:
"שטיל, פערדעלעך, איך בין א שמיד".



# טרויער אוונט

שוין לאנג האט אזוינס ניט געזען מאנטרעאל,
פון מענטשן געוועז איבערפולט איז דער זאל.
עס זענען געקומען דא אלע דערמאנונען -
די טייערסטע, ליבסטע, זעקס מיליאן קרבנות.
אין שלאכט פיל געפאלן, אין ווארשעווער געטא,
און אלע, ווי איינער; געבליבן איז - קיינער...

געפאלן די העלדן, עס טרעפט זיך גאר זעלטן.
זיי האבן געוווסט, אז זיי קענען נישט זיגן
**אומעגלעך אן געלט ס׳איז געווער ווו צו קריגן.**
נאר אויספילן פרייוויליק נאציס באפעל,
ווי שעפעלעך לאזן זיך קוילענען שנעל?

## ניין! קיינמאל נישט!!!

געשוויגן די וועלט, געוווסט, וואס ס׳גייט אן,
נאר קיינער האט גארניט געוואלט עפעס טאן.
נאך 40 יאר, פלוצלינג, געלאזט האט "א טרער",
די גאנצע וועלט - ניט מער.

עס פליסט נאך דאס יידישע בלוט אין די ימים,
פון קינדער, פון מאמעס, פון אלע צוזאמען.
ווייט הערט זיך א שטימע פון ווארשעווער געטא:
"נעמט נקמה, ברידער!"

אומעגלעך פארגעסן די שרעקלעכע יארן,
פריש אין זכרון...
שטיל פליסן טרערן, באוויינט האבן אלע
זעקס מיליאן קדושים, ס׳איז איין גרויסע וווּנד...
וואס בלוטיקט כסדר, ס׳איז פינסטער אין חדר,
בלויז יארצייטליכט, זעקס, נאך די טייערסטע, ליבע,
אין געטאס פארפייניקט, אין אויוונס פארברענט.
אש איז פון יידישן ישוב פארבליבן —
ס׳איז גרויס אונדזער צארן, און גרויס אונדזער פיין...

# שאטנס

**1983**

ס׳פארשווינדן פאמעלעך די שאטנס,
פון אונדזער פארשניטענעם פאלק
מען האט זיי געברענט און פארבאטן
א זכר צו לאזן דער וועלט.

דאך וויפיל מען ברענט ניט און שלאגט ניט,
פארניכטן די שאטנס איז שווער
זיי שטייען אויף תחית המתים
עס העלפט נישט קיין קלעפּ, קיין געווער.

ס׳דערציילן די שאטנס, די אלטע,
פון בלוטיקער דראמע, פון קריג,
פון שלאכטן אין ווינטערנעבט קאלטע,
מיט צענדליקער יארן צוריק.

עס זיינען די שאטנס געקראכן,
פארגליווערט, מיט בארוועסע פיס
פון בלוטיקע גריבער, צעבראכן,
פון אוישוויץ, טרעמבלינקע, פּאַנאַר.

זיי האבן פארטיידיקט דעם כבוד
פון פאלק, וואס געבלוטיקט האט שטיל
אין לאטעס, מיט א מגן דוד
עס האט זיי געפּייניקט ווער ס׳וויל.

און דאך זענען שאטנס פארבליבן
דערקראכן, פון שטורים געטריבן.
געבראכט די צוואה פון אונדזערע ברידער:
"פארגעסט ניט! פארגעבט ניט!
דערלאזט דאס ניט ווידער!!!"

ס׳פארשווינדן פאמעלעך די שאטנס,
די עדות פון גרויזאמער צייט.
סקעלעטן, צו זיך ניט געראטן
[געווארן שוין עלטערע לייט]
די שאטנס פון "דארטן",
מען זעט זיי, גאר ווייט...



## צום 40־טן יארצייט פון באבי־יאר

**דעם 4־טן סעפטעמבער, 1983, מאנטרעאל**

פון וואנען האט איר זיך גענומען
אזויפיל שונאים היינט אין פארק?
פאר אלץ האט איר געצאלט מזומן
די מורא איז געווען צו שטארק.

אזויפיל יידיש בלוט פארגאסן,
געראבעוועט דאס יידיש גוטס,
געווען געזונט, געמאכט ״פרנסה״
קענט איר דערוואשן אייער שמוץ?...

וואס האט געצוואונגען אייך צו שיסן
די פיצלעך קינדער, אלטע לייט?
אזויפיל טרערן היינט נאך פליסן,
עס וועט נאך קומען אייער צייט.

איר וועט דעם טויט זיך נישט דערבעטן
א גיהנום ווערן וועט די ערד
אוואו איר שטייט.
אין אייער שווארצן בלוט דעם פעטן
וועט איר זיך טרינקען,
ר׳זייט דאס ווערט.

עס וועלן שאטנס פון די קברים,
אייך נאכלויפן אויף שריט און טריט
און שפילן וועלן די קלעזמארים
דאס ״רעקוויעם״, א טרויער ליד.



א מיליאָן קינדער וועט באַגלייטן
אייך צום בית־עולם, אויפֿן לעצטן וועג
און אייך דערמאָנען אוקראַינע,
די גרויזאַמקייט פֿון יענע טעג.

פֿון באַבי־יאַר וועט מען "באַזינגען"
אייך, מערדער, 24 שעה
פֿאַרוואָס קומט אייך א טויט, א גרינגער
און נישט ווי זיי?...

כ'וואָלט קיינמאָל נישט געקענט דאָס גלויבן
אַז אין קאַנאַדע, אויף דער פֿריי,
אַרומשפּאַצירן וועלן מערדער
און אָנהויבן אַלץ פֿון דאָס ניי.

עס וויינט דאָס האַרץ, עס פֿליסן טרערן,
ווען איך דערמאַן זיך, קוק אויף זיי
ווער קען מיר, יידן, דאָס דערקלערן?
ווי קען מען שווייגן? ס'טוט דאָך וויי!...

איך פֿרעג א שאלה, ווו איז יושר?
מען לייקנט אַלץ, ווען ס'קומט א גאַסט
איך גלויב, אַז די אַנטיסעמיטן
דערוואַרטן נאָך א "האָלאָקאָסט"...



אָדל פּעקאַר'ס גאַנצע משפּחה איז אומגעקומען
אין באַבי־יאַר.

# ווילדע גראזן

**1987**

ווילדע גראזן, ווילדע גראזן,
וואקסן אויף די קברים
בלויז די ווילדע גראזן ווייסן,
ווער ס׳איז דא באגראבן.

ווער מעס טאטע, ווער מעס מאמע,
ווער מעס קליינע קינדער,
ס׳ליגן אלע דא צוזאמען
אין איין סנאפ געבונדן.
שטיל ארום, נאר ווילדע גראזן...

צוגעדעקט, ווי מיט א שלייער,
האט די ערד דעם חורבן,
שטילערהייט דאס בלוט פארשלונגען
דא. פון יעדן קרבן
טייכן בלוט פארשלונגען...

ווילדע גראזן, ווילדע גראזן,
וואקסן אויף די קברים
און די ווילדע גראזן שווייגן,
ווילן גאר ניט זאגן...






מיין מאמע

## לידער געווידמעט:

נחום קאהן
שלום שטערן
אסתר קערשמאַן
ז.וולאַסטאַ נאַסעק
מלך שיף ע"ה

# באלאדע
# פון א יידישן פארטיזאן

### געווידמעט מיין מאן

אקטאבער 1983 נאוועמבער

האסט געקעמפט, ווי א העלד, אין די וועלדער,
ווען געגאסן האט זיך יידיש בלוט
נאקעט, בארוועס, געשפאנט דורך די פעלדער,
נישט פארלארן האסט קיינמאל דעם מוט.

ביסט געשלאפן אויף צווייגן און בלעטער,
ס׳האט באשיצט דיך פון שונא דער בוים
אין א פראסט, אין א רעגנדיק וועטער,
ווען פארוואונדעט, געקראכן ביסט קוים.

נישט געקענט האט דער הונגער דיך בויגן,
נישט די קעלט, נישט דער פראסט, נישט די נויט
ס׳האט דער פיינט יידיש בלוט פיל געזויגן,
דו געקעמפט האסט אויף לעבן און טויט.

פינף פונט זאלץ, פאר דיין לייב, פאר דיין טויט,
זיינען מערדער געווען צאלן גרייט.
צען פונט זאלץ־אויב מען כאפט דיך ביים לעבן,
צוגעזאגט האט דער פיינט צו געבן.

ביסט פארבליבן אליין נאך דעם קריג,
דאך גענומען זיך באלד אין די הענט
ס׳האט "צו טייער" געקאסט דיר דער זיג...
אנדערש האט אזא העלד ניט געקענט.

ס׳האבן אפט דיך באזוכט פארטיזאנען,
פלעגסט דערמאנען מיט זיי אייער וועג,
כ׳וויל נישט אויפוועקן די אלטע וואונדן,
ס׳האט קיין זין נישט און ס׳האט נישט קיין צוועק...

אין קאנאדע, ווי פריער, אין פעלד
מיטן גורל געקעמפט, ווי א העלד
שווער "געאַקערט"... געשפּאַנט דורך די וועלט,
נישט פאַרקויפט די נשמה פאַר געלט.

מענטשן האָבן דיך טאַקע באַוווּנדערט,
פראַגעס האָט מען געשטעלט מער, ווי הונדערט
נישט געהאַט נאָך קיין בגד, קיין שוך,
שטילערהייט זיך געשריבן א בוך.

ס'האָבן בילדונג באַקומען די טעכטער,
שווער געווען דיר, ס'איז נישט קיין געלעכטער...
אויסגעגעבן די טעכטערלעך ביידע,
לאַמיר האָפן, וועסט זיין באַלד א זיידע.

וועסט דערציילן די אייניקלעך מעשיות,
פון די וועלדער, פון קאַמפן, פון הייסע
זאָלן שטאַלץ זיין די דורות, די נייע,
מיט א זיידן, ווי דו, א געטרייען.

מיר באַגריסן דיך, היינט, אונדזער העלד,
אונדזער טאַטע און חבר און פריינט,
ס'קלינגט "דיין שטימע פון וואַלד" אין די וועלט,
א געשטאַלט, וואָס פאַר אַלעמען שיינט.



**דער ערשטער לינקס איז נחום קאַהן**

# א בוים

**1983**

א בוים איז א דור
אמאל, דורות א פאר.
בוימער זיינען אויך נישט גלייך
ס'איז דא ארים, ס'איז דא רייך
וואס מען זעצט, וואס ס'וואקסט אליין,
אלע בוימער זענען שיין.

זומער — גרין, אין גרינעם סאמעט,
ווינטערצייט — נאר סאסנעס, טאנען
די בעריאזעס שטייען ווייס
און מען זעט זיי קוים ארויס.

זיי דערציילן היבשע מעשות:
פון דעם פראסט, דעם שניי דעם ווייסן,
וואס באדעקבט זיי, ווי א פוטער
היט זיי אפ פונקט, ווי א מוטער.
צארט, ווי כלה'ס שטייען זיי,
אנגעטאן אין ווייסן שניי.

סאסנעס גרינע, נאדלען לאנגע,
בייזערן זיך, ווי די שלאנגען
ווען עס רעגנט שטעכן זיי
צייטנווייז טוט טאקע וויי.

טאנען וואקסן א סך העכער,
זיי פארדעקן אונדז, ווי דעכער
דינע נאדעלער א סך,
ווינקען פריילעך, שטייען וואך.

פראסטע בוימער פעלט אויך ניט
לעבן לאנג און זענען גוט.
קינדער קלעטערן אויף זיי
זינגען לידער אלערליי.
יונגע טוען זיך בארימען:
"כ'האב געלאזט דארט אויף א סימן"!

אט די בוימער ווייסן טאקע
אלע סודות, אלע מכות.
שטארקע בוימער, שווערע ווונדן,
ס׳איז די הויט פון זיי פארשוווּנדן

אט די בוימער זיינען ריכטער,
זיי דערציילן אונדז געשיכטעס:
וויפל בלוט דא איז פארגאסן,
ווענען, ווען מען האט דערשאסן,
פון די קולות, פון די טרערן,
גאט אליין געקענט האט הערן...

ס׳האט די גאנצע וועלט געשוויגן,
ס׳איז זיי ״פרעמד״ געווען דער ניגון.
בלויז דער פראסטער בוים אין וואלד,
האט דערהערט ״דעם ניגון״ באלד.

אויב ס׳איז ווער געבליבן לעבן,
האט דער בוים א היים געגעבן.
צוגעדעקט זיי מיט די בלעטער,
אין א רעגענדיקן וועטער.

אין דער היץ, געגעבן שאטן
ס׳זאל די זון אזוי ניט בראטן.
אויסבאהאלטן און געטרייסט זיי,
ס׳טוט דעם פראסטן בוים אויך וויי...

ווי א פעסטונג זענען בוימער,
העלפן קעמפן געגן שונא.
ס׳בושעווען אין ים די כוואליעס,
אט די בוימער ווייסן אלעס...

# צו שלום שטערן

**1987**

איך קען מיט דיר זיך נישט פארגלייכן,
דו "שפינסט, פאעט" דאס הויז פון פרייד,
און ווייסט, ווו ס'בליט "די ליבשאפט־ רויז".
דו עפנסט "טויערן פון ליכט" און "וועבסט" פאר מיר
"די שיין פון האפן".
זאגסט לויב דעם שטארקן, העלפסט דעם שוואכן,
מיין לערער און מיין גוטער פריינד.
דו "שפרייזט אין בלענד פון טויען"
דורך די וועלט
און ס'גלוסט דאס הארץ דיר "ליבשאפט
צו פארטרויען".



# כמארנע

[געווידמעט אסתר קערשמאן]

1987

כמארנע, קאלט, עס בויגט דער ווינט די צווייגן
אויף די גאסן - לוזשעס, ווייניק ליכט,
אומעטיק און איינזאם. פעלסט מיר אויסעט,
פאר די אויגן שוועבט נאר דיין געזיכט.

און ס׳פארשווינדט דער ווינט, דער טאג, דער קאלטער,
ס׳שיינט דיין שמייכל מיר אנשטאט דער זון,
כ׳פיל דיין ווארעמקייט אין אלע מיינע גלידער
און דיין שטימע שעפטשעט: "ווארט, איך קום!

זארג ניט, כ׳וועל די ווונדן דיינע היילן,
ס׳וועט מיין ליבשאפט דיך באשיצן פון דיין פיין
כ׳וועל צעיאגן אלע שווארצע כמארעס,
און דער מארגן וועט דיר ברענגען ליכט און שיין".



# מיין פריינד

**1984**

**געווידמעט**

**ז. וולאסטא נאסעק**

פון קאפ געפאלן איז איר קרוין,
מיין פריינד געבליבן איז אליין
א מענטש מיט אלע מעלות,
גיי פרעג ביי גאט א שאלה.
געראטן און באשיידן,
צו גאט און צו לייטן.

געלעבט אזוי, ווי טויבן
עס לאזט זיך גאר ניט גלויבן.
אין פריידן און אין נויט
געטיילט דאס שטיקל ברויט.

געשטארבן שטיל איז דר. נאסעק...

און שטיל ז׳אין גאנצן הויז
פון אלע ווינקלען קוקט ארויס
דער אומעט, ס׳רייסט דאס הארץ.
די בענקעניש איז אזוי גרויס,
עס גייט מיין פריינד פאמעלעך אויס
אליין, אן מורא, אזוי איז איר גורל.

# דו פעלסט אונדז אויס

(געווידמעט מלך שיף ע"ה)

דעם 21־טן מאַי, 1987

דו ביסט אוועק פון אונדז אין מאַי,
ווען אַלץ בליט אויף און רוישט און גליט
און זומער איז שוין אויפן וועג
מיט זיינע ליבע, דראַבנע טריט.

אין העלן טאָג ביסטו אוועק
גאָר שטיל, אַז קיינער זאָל נישט הערן
האָסט אונדז פאַרלאָזן, ליבער פריינד,
און בלאַנדזשעסט ערגעץ, ווי אַ שטערן.

געריעדט צו מיר נאָך אין דער פרי,
איך האָב דיר צוגעזאָגט צו קומען
ווער וואָלט געגלויבט, דו זעגנסט זיך
און וועסט דיין ניגון מער נישט ברומען.

האָסט ליב געהאַט די שיינע וועלט:
ווען ס'רוישט און ס'בליט די זאַנג אין פעלד,
דעם פרי פאַרטאָג, די שוואַלב, די בלום,
און אַלץ, וואָס רינגלט דיך אַרום.

אַ שטראַל פון פרייד, אַ שטראַל פון ליכט,
געשיינט האָט אויף דיין ליב געזיכט.
עס פעלט אונדז אויס דיין וויץ, דיין שמייכל,
דיין גוטסקייט, וואַרעמקייט און שכל,
דו פעלסט אונדז אויס, מיין פריינד,
דו פעלסט אונדז אויס.

עס גלויבט זיך נישט דו ביסט אוועק...

שטיל טרויערן די שוואַלב, די גראָזן,
דו הערסט נישט מער דאָס ליב געזאַנג,
די נאַכטיגאַל, דעם פרילינגס קלאַנג
און ס'פליסן טרערן, הייסע טרערן,
לעם פרישן קבר פון אַ פריינד.

ליג אין דיין רו.

# 35 יאר מדינת ישראל

**1983**

צוויי טויזנט יאר געקעמפט פאר פרייהייט
צוויי טויזנט יאר געווען אן היימלאנד
געווען צעזייט, צעשפרייט, ווי שקלאפן
געוויינט, ווען יענע פלעגן לאכן.

פון ווינט געטריבן, פון רעגן נאס,
פון לאנד צו לאנד, פון גאס צו גאס
געוואנדערט אפט, געזוכט דאס גליק
וואס גייט אוועק, קומט נישט צוריק.

גערעדט אויף אלע פרעמדע שפראכן,
געבויט, געזייט, געשמידט, געאקערט,
פארשיידענע געלערנט פאכן.
זיי פלעגן אויסנוצן אונדז אלע:
סיי אונדזער מוח, סיי די כוח.

היינט - א יום־טוב איז א גרויסער
היינט - מיר הויבן אויף די כוסות
היינט - ווי לייבן יידן קעמפן
און זיי שטארבן, ווי די העלדן.

נישט פאר פוילן, נישט פאר דייטשלאנד,
נישט פאר רוסלאנד, נישט פאר ליטע,
זאלן זען אנטיסעמיטן -
עס איז דא א פלאץ פאר יידן.

35 יאר אריבער,
נייע דורות, נייע גבורה,
שטאלצע זעלנער, שיינע יאטן
שטייען לעבן די הארמאטן.

ס׳פאלן יעדן טאג קרבנות
ס׳פאלן יונגע, שטאלצע בוימער,
ס׳בלייבן נאך א סך יתומים
ס׳פעלט קיין שונאים, ס׳פעלט קיין
רויבער.

לאמיר האפן, לאמיר שמידן,
לאמיר אלע זיין צופרידן,
וואס דערלעבט צו זען ווי יידן
ווידער בויען זייער לאנד.

# קומען, קומען, וועט די צייט

**1983**

עס האט געגלויבט מיין אלטער זיידע:
״קומען, קומען וועט די צייט
איר וועט לעבן, איר וועט בויען
דארט, אין מדבר, אויף דאס ניי״.

האסט ניט דערלעבט, מיין גוטער זיידע
צו זען דיין טרוים — דיין אייגן לאנד
צו פרי ביסטו אוועק, מיין זיידע,
״א ביסעלע״ זיך צוגעאיילט.

די צייט האט אויך ״א ביסעלע״ פארשפעטיקט,
פארהאלטן זיך ״א ביסעלע״ אין וועג...
און כאטש מיט א פארשפעטיקונג געקומען,
זיך דאך דערשלעפט צום מזרח ברעג.

א יידיש לאנד, א פארגעניגן,
עס שטייען יונגע זעלנער וואך
חסידים זינגען זייער ניגון,
און אלע ריידן אונדזער שפראך.
עס לעבט דער מדבר: גרינט און בלומט.

איך קוק זיך צו און איך באוווּנדער,
און ס׳קוועלט און ס׳זינגט דאס הארץ
פאר פרייד
כ׳דערמאן דיך אפט, מיין ליבער זיידע
דיין שטארקן גלויבן, דיינע רייד...

# א בריוו פון ישראל

**1983**

געלייענט היינט דיין בריוו, מיין קינד,
דו שרייבסט, ווי ס׳בליט דאס לאנד אצינד.
ווי גוט עס איז צו וואנדערן,
ישראל צו באוואונדערן.

פיר טעג געווען ביסט אין די בערג,
געשלאפן אויף דער הייליקער ערד
די זון ט׳געשיינט, האט דיך געגלעט,
און גאט דערהערט האט מיין געבעט...

קיין יידיש האסטו נישט גערעדט,
קיין יידיש האסטו נישט געלערנט,
דאס מויל געשלאסן איז געווען.
ווען האסט א יידיש בוך געזען.

אין סאוויעט רוסלאנד ווערן יידן,
אסימילירט שוין אין די וויגן.
קיין יידיש ווארט, קיין יידיש ליד,
פון דעם מאמענט, וואס ווערסט געבוירן.

ס׳האט נישט געווירקט אויף דיר, מיין קינד,
באמיט א סך זיך האט דער ווינט —
צעטריבן אלע שווארצע כמארעס...

ביסט אין ישראל, אונדזער לאנד,
ביסט אויף דער פריי, ביסט ניי געבוירן.
הויבסט אן, ווי קינדער אין די וויגן,
א נייע שפראך, א נייעם ניגון.

עס האבן דורות לאנג געטרוימט,
פון אט דער צייט, פון אט דעם ניגון...
כ׳בין גליקלעך, וואס איך האב דערלעבט,
אזעלכע בריוו פון דיר צו קריגן.

# ישראל

פאר מיין טאכטער אלגא קאהן־סטארק, פון איר מאמען.

1983

עס בליט ישראל, אונדזער לאנד
ס׳ווערט אויפגעבויט פון שטיין און זאמד,
קיין גרויסע אוצרות האט עס ניט,
דאך; זינגט און פרייט זיך אויף שריט און טריט.

מען קומט קיין ארץ, פון אומעטום,
ס׳איז אזא וואונדער, בלייבסט שטיין, ווי שטום
אלץ וואקסט, אלץ רירט זיך, אין בלויעם שטראם,
דער קאפ פארדרייט זיך אן וויין, אן ראם.

די שענסטע מיידלעך, קענט איר דארט זען,
א זיסן שמייכל, פאר אלעמען
און דרייסטע זעלנער, זעסט איבעראל,
אין 20 יאר שוין א גענעראל.

עס בליט ישראל, אונדזער לאנד...

גענוג געהערט שוין ״פארשיווער זשיד״,
״פארפלוכטער יודע״ און ״מודי זשוויוו״.
ס׳קלינגט א סך שענער: ״שלום, שלום״,
״אללא״, וואס מאכסטו, מיין פריינד, אברהם?״

צו וואס פּלאַצן אין ״גאלדן לאנד״,
ס׳שטרעקט אויס ישראל צו דיר די האנט,
מען בויט כסדר, מען בויט אלץ מער,
פאק איין די פעקלעך, און קום אהער.

עס בליט ישראל, אונדזער לאנד
ס׳ווערט אויפגעבויט פון שטיין און זאמד,
קיין גרויסע אוצרות האט עס ניט
דאך; זינגט און פרייט זיך אויף שריט און טריט.

# א חתונה

1983

אין ירושלים, ביי דער מערב וואנט,
האט מיין יונגסטע טאכטער חתונה געהאט.
א פראכט! ווי ס'שיינט מיין מיידל,
אין ווייסן חופה קליידל
א כלה, ווי א מלכה, א הויכע און א שלאנקע
געבענטשט זייטביידע, אין א גוטע שעה,
מזל טוב!
אין א גוטע, מזלדיקע שעה.

אוי איז דאס א שיינע, זיסע פאר,
מזל טוב!
לעבן זאלט איר 120 יאר, מזל טוב!
שפילט קלעזמארים היינט פאר אונדז גאר שיין,
חתן־כלה וועלן טאנצן גיין.

אוי, אוי, אוי,

אין ישראל, אונדזער אייגן לאנד,
האט מיין טאכטער חתונה געהאט
אונדזער שמחה איז היינט אזוי גרויס,
וויין א גלעזעלע טרינקט מיט אונדז אויס.

אוי, אוי, אוי,

לעבעדיק און פריילעך זאל היינט זיין
שפילט א פריילעכס, קומט אין ראד אריין
טאנצט א הורא, נעמט זיך האנט אין האנט
האט קיין מורא, אויב ס'ציטערט "די וואנט".

אוי, אוי, אוי,

טאטע, מאמע טאנצט א קאזאטשאק,
עסט און טרינקט, פארוויילט זיך ביז פארטאג
גליקלעך לעבן זאל די יונגע פאר,
אייניקלעך ברענגט אונדז איבער א יאר.

# וואס זוכט איר אין א פרעמדן גארטן?

**1987**

איר בלאנדזשעט, ברידער, אויף פרעמדע וועגן,
ווי שעפסן קייעט איר דארט דאס גראז
איר שעפּט און טרינקט פון פרעמדע קוואלן,
פון אייגן קוואל דאס וואסער טרינקט איר ניט.

איר ווארעמט זיך אויף פרעמדע ברעגן
און איר באוווּנדערט פרעמדן זאמד,
איר זעט ניט, ווי עס בליט ישראל
און אפט פארלאזט איר דאס אייגן לאנד.

איז דאס וואסער דארט געשמאקער?
איז דען זאפטיקער דאס גראז?
צו וואס אויף ווייטע לאנקעס זוכן?
איר זעט ניט אונטער אייער נאז:

די פרישע גראזן, וועלכע וואקסן,
ווי מען אקערט און מען זייעט,
ווי קלארע וואסערן דאס פעלד באגיסן,
ווי ס'רוישט דער קארן און זינגט פאר פרייד.

אין אלע עקן העלפט איר בויען,
אויף פרעמדע לאנקעס שניידט איר היי
וואס זוכט איר אין א פרעמדן גארטן?
עס וואקסן ביי אונדז פרוכטן אלערליי.

געשעפּט פון אונדזער ברונעם טיף
האבן די פאסטוכער, די פרעמדע
און צוגעשריבן אלץ צו זיך.

ס'איז צייט ארייַנקוקן אין אונדזער
קוואל —
א קוואל און חכמה, א קוואל פון וויסן,
פון אונדזער אייגן קוואל געניסן...

# א חלום

**1987**

איינגעשלאפן, און אין חלום
זע איך - אויף דער וועלט איז שלום.
שלום! שלום! אויף דער וועלט!
ס׳טאנצן יידן מיט אראבער,
רוסן מיט אמעריקאנער,
אלע טרינקען א לחיים
פאר א וועלט פון שלום!

אויף די דעכער קרייען הענער:
״נעמט אויף געסט, די מוסולמענער!״
גריכן, טערקן, קאטאָליקן
ביי איין טיש דאס הארץ דערקוויקן.
גאטעניו! וואס טוט זיך דא?
אין א מזלדיקע שעה!

וויל איך לאזן זיך אין טאנץ,
בייזערט זיך די אלטע גאנדז:
״יונגע קאזע, ס׳איז פאר מענער,
זעסט ניט, דארט, די מוסולמענער?
גיי, פארדעק דיין נאריש פנים,
רייץ זיך ניט מיט אלטע שונאים״.

טו איך אן א ווייסע טיכל,
אויף די פיס - א לייכטן שיכל
און איך טאנץ אין ראד און פריי זיך:
״דריי זיך דריידל, דריי זיך, דריי זיך!
אויף דער גאנצער וועלט איז שלום!״
זיסע טרוימען, ס׳איז א חלום...

# זינג, פויגל מיינער, זינג!

**1987**

**(צום 40־טן געבורטסטאג פון יום העצמאות)**

זינג, פויגל מיינער, זינג!
באזינג מיין פאלק
און זאל עס זיין דאס לעצטע
ליד פון טרויער...

א נייע ליד הויב אן צו זינגען,
אויף אלע גאסן, פויגל זינג!
און זאל דאס זיין א ליד פון
פרייהייט,
פון פרייד, פון שלום,
א ליד פון גליק.
א ליד פון איינקייט און פריינדשאפט,
זינג, גוטער פויגל, זינג!

גענוג שוין האס, גענוג שוין טרויער,
זינג וועגן ליבשאפט, פויגל זינג!
ווי ס׳בליען פעלדער היינט אין מדבר,
אין מדבר וואקסט א טייטל־בוים.
ווי יידן אקערן און זייען און
שאפן וואונדער אין לאנד פון טרוים
זינג, פויגל מיינער, זינג!

זינג, וועגן יונגע העלדן,
וואס שטייען אין דעם מדבר וואך,
ווי ס׳בויט דאס לאנד זיך טאג און נאכט

זינג, פויגל, זינג!

באזינג דעם 40־טן יום העצמאות,
חלוצים דרייסטע, זייער מוט,
און שטאלץ וועט זיין מיט דיר,
מיין פויגל,
דאס פאלק ישראל, יעדער ייד.
זינג, ליבער פויגל, זינג!

# פלאנעטע – ערד

**1987**

״ביסט וואונדערבאר, פלאנעטע־ערד,
מיט דיינע בערג און דיינע טאלן
אין זייד געקליידעט און אין גאלד,
איך וויל נישט ציילן דיינע יארן.

עס רוישט אין פעלד די גרינע זאנג,
אין וואלד — דעם פויגל׳ס זיסער קלאנג
ביסט יונג און פריש, ביסט רייצענד־שיין,
דיין צויבער ווירקט, ווי גוטער וויין.
און ליב ביסטו פלאנעטע־ערד,
שאפסט גרויסע וואונדער...

האסט אזא קראפט, פלאנעטע־ערד,
וואס ווערט באזונגען פון פאעטן;
אין דיינע ווייטן ליגט דיין פראכט,
אין דיינע טיפן ליגן אוצרות,
טאג און נאכט פון דיר באוואכט.

די אויגן שיינען פול מיט לעבן,
א טיפער קוואל פון פרייד און גליק.
דיינע אויגן — ריינע פערל,
ציען צו, ווי א מאגנעט.

ס׳ווילט זיך ארומנעמען דיך, ערד,
מיט דיינע ימען, בערג און טאלן;
אין גרינעם סאמעט און אין גאלד,
קיין קינסטלער קען בעסער נישט מאלן.

שאפסט זיסע קלאנגען פון מוזיק,
ווו האסטו, ערד, דאס אלץ געלערנט?
און דיריגירסט דיין סימפאניע,
מיט דיינע צארטע, ווארעמע ארעמס.

עס איז פאר מיר א רעטעניש: -
אין וועמען ביסטו, ערד, געראטן?
איך וויל נישט וויסן, ווער דו ביסט,
כ׳האב ליב דיך ערד, כ׳האב ליב
דיין שאטן״.

## פ ר י ל י נ ג

### מערץ

**1984**

ס׳פאלט נאך אלץ אין גאס א שניי,
אומעטיק אין הויז אזוי
ס׳בענקט דאס הארץ נאך דיר.
ס׳בענקט שטיל,
טיף פארבארגן ז׳מיין געפיל.

דיינע אויגן - קארשן צוויי,
זע איך, ווו איך גיי און שטיי
און דיין שטימע קלינגט גאר ווייט:
״בענק ניט, קומען וועט די צייט״.

ס׳פאלט שוין נישט אין גאס קיין שניי,
אומעטיק נאך אלץ אזוי
הייסע טרערן פליסן פיל,
ס׳גאנצע לעבן איז א שפיל...

### א פּ ר י ל

**1984**

פרילינגס צווייטער זון, אפריל
ווייס אליין נישט וואס ער וויל
ס׳בייזערט זיך דאס ווילדע קינד.
שטראפט אונדז פאר זיין ״מאמעס זינד״.

# פרילינג

**1984**

פון שניי נישט געבליבן קיין סימן,
דער ווינט איז געווארן שוין מיד
געוואשן ריין שטייען די וועגן
עס הויבט אן דער פרילינג זיין ליד.

א שטימעלע גאר נאך א שוואכע,
קוים־קוים וואס מען הערט זיינע שריט
דער פרילינג גלייכט אויס זיינע גלידער,
עס אטעמט אלץ פריי און עס בליט.

און גרינענקע בלעטעלעך יונגע,
באפוצן דעם אלטיטשקען בוים
זיי גלעטן אים, שעפטשען און בעטן:
פארווירקלעכט זאל ווערן זיין טרוים.

עס ווארעמט די זון נאכן רעגן,
די קינדערלעך שפּילן אין גאס
עס קלינגען די גלאקן צופרידן,
אלץ לעבט און אלץ רוישט און מאכט שפּאס.

# טויבן צוויי

1984

עס קוקט א טויב אריין אין פענסטער
"א גוטע בשורה מיר געבראכט?"
פרעג איך דער שיינער טויב, דער ווייסער
"ווען האסטו דא א "נעסט" געמאכט?

ווער האט געהאלפן דיר צו בויען
א בעט צום שלאפן דיר געמאכט?
א טיר, א פענסטער, זען זאלסט קענען
ווען ס'ועט פארגיין די זון פארנאכט?"

"עס האט מיין ליבער מיר געהאלפן,
צוזאמען גייט די ארבעט שנעל,
מיר וועלן וווינען דא אין איינעם —
ער זיצט און ווארט שוין אויף דער שוועל"...

און ווען עס הויבט נאר אן צו טאגן
שטייען דיביידע טויבן אויף
ווארקען, "א גוט מארגן", זאגן
זיי קלייבן ברעקלעך שנעל צונויף.

איך הער זיך צו צו זייער לשון
גאר צארט, פון ליבע ריידן זיי
און טיילן זיך מיט יעדער ביסן
די ווייסע, שטילע טויבן צוויי.

צופרידן רוען לעם איינאנדער,
דערציילן עפעס אין דער שטיל
און גליקלעך קושן זיי זיך ביידע,
מיט ליבשאפט, מיט אזא געפיל.

עס וואלט די וועלט געדארפט זיך לערנען,
ביי אט די ווייסע טויבן צוויי
צו טיילן זיך מיט יעדן ביסן,
זיך ליב האבן אזוי, ווי זיי...

# א ליד

**1986**

ס׳קלאפּט א פויגל אין מיין פענצטער
פרי פארטאג, פרי פארטאג
״ווער איז, פויגל, דא די שענסטע?
זאג מיר, זאג; זאג מיר, זאג״.

״דו ביסט שיין און פיין און איידל,
ווי א בלום, ווי א בלום
שיינסט ארויס אין ווייסן קליידל,
ווו דו קומסט, ווו דו קומסט״

אין די בלויע ווייטן פליען
וויל איך, פויגל, נאר מיט דיר
דארט, ווו ווייסע ליליעס בליען,
פויגל מיינער, פלי מיט מיר!



דער כאר ״רון עם״ איז גוט באקאנט אין מאנטרעאל.
ביי דער פיאנא: העלענא קאהן

# פרילינג

**1984**

יעדן טאג א פאר מער בלעטער,
טוט שוין אן דער בוים
קאלט אין מאי איז נאך דאס וועטער,
ס׳שיינט די זון קוים־קוים.

פויל אזוי ביסט היי־יאר פרילינג
לאזט אונדזווארטן לאנג,
אויף דיין ליכט, דיין פראכט, דיין ווונדער,
אויף דיין זיס געזאנג.

כ׳בענק נאך ווארעמקייט, דיין ליבער
נאך די שיינע טעג,
נאך דעם ריינעם, בלויען הימל,
נאך דעם גרינעם וועג.

נאך די בלומען, נאך די גראזן,
נאך דעם טיפן קוואל
נאך די ווינטעלעך, וואס בלאזן
און דעם שטילן טאָל.

נאך די פעלדער, נאך די גרינע,
נאך דעם פרישן וואלד
נאך דעם טייכל, נאך דער לאנקע,
קום שוין, פרילינג, באלד!

# ס׳רעגנט

1987

ס׳רעגנט, ס׳רעגנט,
קאלט אין דרויסן.
וואלקן שווארצע,
לוזשעס גרויסע.

בלאטעס, בלאטעס,
אויף די וועגן.
ס׳גיסט און ס׳גיסט
א קאלטער רעגן.

„וויפל, רעגן,
קען מען גיסן?
לאז דעם פרילינג
אונדז געניסן.

לאז דער זון
א ביסל שיינען,
פרייען זיך
מיט איר אין איינעם.

לאז די פעלדער
ווידער בליען,
אין די הימלען —
פויגל פליען,

אין די גאסן —
קינדער זינגען
זאלן לידער
ווידער קלינגען".

# פ ר י ל י נ ג

**1984**

ליבער פרילינג, קום שוין ווידער,
לאנג אויף דיר געוואַרט
ברײנג אונדז, פרילינג, פרייד און לידער,
בלי אויף ווייס און צאַרט.

ס׳ווילט זיך, פרילינג, נאָך געניסן
פון דער זון, דיין פראַכט
פון דעם אַראָמאַט, דעם זיסן,
ביז שפּעט אין דער נאַכט.

קוקן אויפן בלויען הימל,
זען דעם ערשטן שטראַל,
הערן, ווי אין טאָל דעם גרינעם,
רוישט דער וואַסערפאַל.

אויסוואַרעמען אַלע גלידער,
זען דאָס העלע ליכט,
ווי עס בליט אין פעלד אַלץ ווידער,
קושן דיין געזיכט...



## ווען דו ביסט יונג...

**1986**

ווען דו ביסט יונג, די וועלט איז דיין:
דער הימל בלוי, דער וואלקן גרוי,
די לאנקע — פריש, דער ניגון זיס,
די בלעטער — גרין, און זון די בין
די נאכטיגאל מיט איר געזאנג,
דער וואלד, די שוואלב, דער גלאק, זיין קלאנג.

בעריאזקעס ווייס, דער זומער - הייס,
די בלום, וואס בליט; די נאכט, וואס רוט,
דער פרי־פארטאג, דער ווינט, וואס יאגט,
דער בארג, דער טאל, דער וואסערפאל;
דער בוים, וואס שפּיגלט זיך אין טייכל
באגריסט דיך מיט א זיסן שמייכל;

דאס גאלד אין פעלד, דער לאנגער וועג;
דער מארגן טוי, די זון, דיין שטערן —
אויגן שווארצע פול מיט טרערן.
די גאנצע שיינע וועלט איז דיין,
ווען דו ביסט יונג.

נעם זי ארום, און קוש איר צארט,
און זינג פאר פרייד, און לעב און לאך,
און טאנץ מיט איר, און בוי און שאף -
ווען דו ביסט יונג...

# ז ו מ ע ר

## דער זומער איז שוין דא...

1983

דער ערשטער זומערדיקער טאג
די פייגל שטייען אויף פארטאג
זיי וואשן זיך אין טייך
און זוכן וואס צו עסן גלייך.

און נאכן עסן זינגט מען זמירות,
אזעלכע שטימעלעך, ווי לירעס.
זיי זינגען לידער אלערליי
און פרייען זיך אזוי.
טצוויק, טצווירריק, טצוויק, טצוויק.

אין נעסט, ווי אין די וויגעלעך
גלייכן אויס די פליגעלעך
די קליינטשינקע, די פייגעלעך
געעפנט נאר די אייגעלעך.

אלץ בליט, אלץ רוישט, אלץ לעבט,
אין גאלד און גרין אלץ שוועבט
ווי שיין, ווי רייך
ס'איז די נאטור, קיין גלייכן
איז צו איר נישטא.

# זומער

**1986**

ווידער ליבע, זיסע שטימען,
לעם מיין פענצטער און ארום
אזוי לוסטיק, אזוי פריילעך,
„קום און זינג־מיט אונדז, קום! קום!“

קוק ניט וואס דער זומער־רעגן
וואשט די גאסן אין דער פרי
פריש די לופט, א פארגעניגן,
אויף די לאנקעס — סטאדעס קי.

עסן שטיל די פרישע גראזן,
פאשען זיך א גאנצן טאג,
און פארנאכט א היים די סטאדע
רופט דעם פאסטוכס זמר־גלאק.

פויערטעס לעם פארקאן ווארטן,
צייט צו מעלקן שוין די קי
ס׳שמעקט די פרישע מילך, די פעטע
שפעט פארנאכט און אין דער פרי.

# אין גארטן וואקסן נישט נאר ראזעס

**1984**

אין גארטן וואקסן נישט נאר ראזעס,
עס וואקסן בלומען אלערליי.
אין פרילינג בליען זיי און שיינען,
און זינגען לידער, קענט איר זיי?

די ערשטע הויבן אויף די קעפּלעך —
נארציזן: ווייס געפּוצט מיט רויט
פון אונטן — לאנגע, גרינע צעפּלעך,
אזוי שוין זיינען זיי געבויט.

טוליפּן רויטע, ווייסע, געלע,
און ראזעס פּרעכטיקע און ליליען העלע,
אזעלכע הערליכע מעמאזעס —
אין גארטן וואקסן נישט נאר ראזעס...



**ליליען**

# צוויי קלאנען

(דיאלאג צווישן צוויי קלאַנען)

1984

אַן אַלטער קלאַן, שוין איינגעבויגן,
געזאָגט האָט צו זיין ווייב אַזוי:
„געוואָרן בין איך אַלט און גרוי,
אויסגעטריקנט מיינע גלידער,
איך קען נישט אויסגלייכן זיך ווידער.
נעם מיך אַרום צום לעצטן מאָל",
געבעטן האָט דער קלאַן,
מיט גאָר אַ שוואַכן קול.
„מיין פריינד, דו גיסט געבוג נאָך שאָטן,
אין אַזאַ הייסן טאָג, אַ שיינעם,
וואָס וועל איך טאָן אָן דיר, אַליין?
אויב ווילסט שוין שטאַרבן, איז אין איינעם".

# „אַ זון! ס'איז גוט צו פילן דיינע שטראַלן"

1986

אַ זון! ס'איז גוט צו פילן דיינע שטראַלן
און אויסוואַרעמען אַלע גלידער,
ווען ביסט שוין אַלט און קראַנק און שוואַך —
ברענגסט ליכט און פרייד אין האַרצן ווידער.

עס בענטשן דיך די הענט, די מידע,
וואָס פלעגן וואַשן, ראַמען, זייען,
חלה באַקן, קאָכן, נייען,
נעבעך ניט שלאָפן, קינדער וויגן.

די אויסגעהאָרעוועטע הענט,
באַגריסן דיך און בעטן שטיל:
„שיין אייביק זון!
ס'איז גוט צו פילן דיינע שטראַלן"...

# סעינט־אגאט

**1983**

אין וואלד און אויף די בערג, געוואנדערט האב איך אליין
באוואונדערט די נאטור: ווי שטיל, ווי רייך, ווי שיין.
געקליבן א בוקעט פון בלומען אלערליי,
ווי פּערל און ווי גאלד, נאך שענער זענען זיי.

און בלוי און ווייס און רויט, געפלאכטן אין א קייט,
באפוצט ארום מיט גרין, מיט בלעטער צארט און דין.
געלאפן שנעל א היים, אין קלארן וואסער שטיין
געלאזט זיי איבער נאכט. זיך אויפגעכאפט, א פּראכט!

זיי שטייען אויסגערוט און ווינקען: "ס'איז אונדז גוט".
די קעפּלעך אויסגעגלייכט, דאס וואסער קוים וואס ס'גרייכט
"גוט מארגן", מיינע פריינט, נאך שענער זייט איר היינט
לעבט לאנג, זייט מיינע געסט, בליט אויף אין נייעם "נעסט".

# ביים טייכל

(אין דער שטיל)

**1983**

אזוי שטיל, אזוי גרין, אזוי שיין,
דאס וואסער אין טייך אזוי ריין
עס שווימען דארט קאטשקעלעך פיל,
און פייגעלעך זינגען גאר שטיל.

צוויי אלטיטשקע כאפן דארט פיש,
די לופט איז ארום אזוי פריש
פארכשופט דאס גראז און די בלעטער,
שוין לאנג נישט געווען אזא וועטער.

ווי שלעפעריק, איז די נאטור
דער ווינט האט פארלארן זיין שפור,
די וואלקן זיי זענען גאר ווייט,
דער רעגן ער איז נאך נישט גרייט.

דער דונער און בליץ אין די בערג,
באהאלטן האט די הייליקע ערד.
עסווארעמט די זון אזוי ברייט
לאַזט שמידן די גאלדערנע קייט.

# זומער

**1983**

ס'איז הייס, א פארגעניגן,
עס רירט זיך ניט קיין גראז
דער טאטע ברומט זיין ניגון,
איך זיץ שטיל, ווי א האז.

די קלענסטע שוועסטער שרה
א לאלקע, קיין עין־הרע
די באקן שיין און רויט,
צום עסן שטענדיק גרייט.

די מאמע באקט א קוכן,
מיט עפל און מיט מאן
ס'וויל יעדערער פארזוכן,
מען לאזט איר גארניט טאן.

ס'איז פריילעך, א מחיה,
עס קומט צולויפן חיה:
"לאמיר גיין צום טייך,
איך וויל זיך באדן גלייך".

שנעל אויפגעפאקט די פעקלעך
פארגעסן שלמה'ס זעקלעך
די באבע, ווי א קאטשקע,
און צירעלע אין טאטשקע.

אט זעט מען שוין דאס וואסער,
און קינדערלעך, ווי מאן
און יאנקעלע, דער בלאסער,
האט זיך שוין אויסגעטאן.

א שפרונג געטאן אין טייך,
נאך אים זעקס קינדער גלייך.
די מאמע שטייט פארטראכט,
די עלסטע שוועסטער לאכט.

זיך אויסגעבאדן אלע,
צוריק שוין דא "די סטאדע":
מען "קנאקט" אריין דעם קוכן,
ס'בלייבט גארניט צו פארזוכן.

א פריילעכע "קאפעלע",
א רירעווודיק, א שנעלע.

"קומט, קינדערלעך, אהיים,
זיך אויסגעבאדן, ריין.
וואשט אלע אויס די ציין,
ס'איז צייט שוין שלאפן גיין"

א גוטע נאכט דעם טייכל,
א גוטע נאכט דעם פעלד
און אלע מיט א שמייכל:
"ווי שיין עס איז די וועלט".

## טויבן

**1983**

פריש אין דרויסן, נאכן רעגן
איז די זון ארויס
און עס פליען מיר אנטקעגן
טויבן: קליין און גרויס.

ווי א שפיגל, ריין דאס וואסער
ס׳קוקט ארויס דער בוים, דער נאסער
אויף די צווייגן, ווי אין וויגן
זינגען פייגל זייער ניגון.

שטיל געקומען איז דער אוונט
כ׳זיץ אליין, פארטראכט...
ווייסע טויבן אפגעשטעלט זיך
ווינטשן מיר: ״א גוטע נאכט״.

״כ׳דאנק אייך טויבן, כ׳קען אייך גלויבן
נישט פארגעסן האט איר מיר
גוט אזעלכע פריינט צו האבן
ס׳פרייט מיך, טויבן, אן א שיעור.״

גוטע טויבן, צוגעפלויגן
שטיל געקומען, שטיל אוועק
אן אייך, פייגל, אן אייך טויבן
האט דאס לעבן גאר קיין צוועק.

# און ווידער שיינט די זון

**1983**

און ווידער שיינט די זון, א הערלעכער פרימארגן,
און ווידער ווילט זיך לעבן, פארגעסן אלע זארגן.
די יארן לויפן שנעל, דאס הארץ עס גיט א ציטער,
דו ביסט שוין מער ניט יונג, די האר געווארן שיטער.

געניס די זון, דעם טייך, דעם ווַאלד, זיין פראכט, די בלומען,
עס וועט ניט נעמען לאנג, דער ווינטער וועט באלד קומען.
פארוועלקט ווערן די בלומען, פארטריקנט ווערט דאס גראז,
אלץ אנגעטאן אין ווייסן, קוים שטעקסט ארויס די נאז.

פאַרגליווערט ווערט די לאנקע, געפרארן שטייט דער טייך,
דער וואלד - ווי אויסגעשטארבן; די בוימער - איינזאם, בלייך.
אין גאס, א זאוויערוכע, דעם אטעם עס פארכאפט,
דער קאלטערווינט, דער בייזער, די לאדן קלאפט און קלאפט.

און דאך, עס ווילט זיך לעבן; און דאך, מען האפט און ווארט,
ס'וועט נאכן שווערן ווינטער, די זון אויפשיינען צארט.
עס וועט צעגיין דער שניי, עס וועט דאס אייז צעשמעלצן,
די לאנקע און דער טייך, אראפוואַרפן די פעלצן
די ערשטע בלומען שטעקן שוין ארויס די קעפ,
און ווידער איז די וועלט אין העלער שיין פארוועבט.

## רויטע ראָזעס

**1987**

רויטע ראָזעס, רויטע ראָזעס,
טרוימען ליבע פֿון אַמאָל
איר דערמאָנט מיר, רויטע ראָזעס,
זומערטעג אין גרינעם טאָל.

רויטע ראָזעס, רויטע ראָזעס,
פֿול מיט ליבשאַפֿט, מאָרגנפֿריש,
איך געדענק אייך, רויטע ראָזעס
און דעם ערשטן ליבעס קוש.

ס׳בענקט דאָס האַרץ, נאָך יענע ראָזעס,
נאָך דעם וועלדל, נאָכן טאָל,
און דעם אַראָמאַט פֿון ראָזעס —
הייסער ליבע זיסן קול.

## קום און נעם אַרום מיך ווידער

**1986**

קום און נעם אַרום מיך ווידער,
גיב אַ קוש מיך צאַרט
ס׳וועט מיין האַרץ דיר זינגען לידער,
ביז שפּעט אין דער נאַכט.

כ׳וועל פֿאַרגעסן אַלע זאָרגן,
לאָז ניט וואַרטן לאַנג...
דריק מיך ווידער צו צום האַרצן,
ס׳וועט ניט טאָן דיר באַנג.

דיינע הענט — אין טרוים מיך גלעטן,
דיינע ליפּן — ברענען, בעטן:
״קום וואָס שנעלער אין מיין גאָרטן!
וויפֿל, ליבער, קען מען וואַרטן?״

# אין פארק

**1983**

גענזעסן בין איך אויף א באנק,
לעם מיר — אַן אלטער, ווי א טאַנק
געקוקט גאר בייז, קיין ווארט גערעדט,
עס האט די זון אים אויך געגלעט.

געזעסן שטיל, בלויז פאר די טויבן
אפט ניסעלעך געווארפן
אויף גראזן און זאמדשטויבן.

א צווייטער, גרעבער נאך ווי ער,
זיך צוגעזעצט לעם אים. איך הער —
די ביידע רעדן עפּעס שטיל
פון זייער לשון ווערט מיר קיל...

"נישט אויסגעהרגעט אלע יידן
דארט, אין באבי־יאר, לעם קיעוו
זעסט, עס זענען נאך פארבליבן"...

צוויי אלטע מערדער, כ'האב קיין ווערטער.
זיך אויפגעהויבן און אוועק,
דערמאנען אלץ האט ניט קיין צוועק.

# ליבעס ליד

**1986**

ווען ס'איז פינצטער, קאלט, און ס'רעגנט,
ווען עס בלאזן בייזע ווינטן,
ווען עס פאלן שוין די בלעטער
און עס נענטערן זיך קעלטן —
פעלט מיר אויס דיין בליק, מיין ליבער.

ווען די זון שיינט העל און ליכטיק,
ווען עס בליט דער בוים אין גארטן
און די פייגל לעם מיין פענצטער
זינגען מיר א זיסן ניגון —
זוך איך אין דער שטיל, דיך, ליבער.

ווען ס'פארגייט די זון אין גארטן,
מיט איר שאטן קומט די נאכט
און דער שאטן לאזט ניט רויען,
ברענגט מיר טרויער אין מיין הארץ —
זע איך דיך אין טרוים, מיין ליבער.

# א ליד

**1986**

גרינע פעלדער, גרינע פעלדער,
כ׳ליב אייך, פעלדער גרינע
בלויע הימלען, הימלען בלויע
ציען ווייט זיך ציען.

וועלדער רוישן, וועלדער רוישן,
ווילן עפעס זאגן
וואלקן גרויע, וואלקן גרויע,
אין דער לופט זיך טראגן.

באלד וועט גיסן, באלד וועט גיסן
אויפן גאס א רעגן
און מיין ליבער, און מיין ליבער
וויל מיך עפעס פרעגן.

ווארט איך אויף מיין ליבנס פראגע
כ׳קען זיך נישט דערווארטן
״וועט ער, גאט, זיין מיין באשערטער?״
כ׳הער נישט אויף צו טראכטן.

קוקט א פויגל אין מיין פענצטער,
ס׳איז א גוטער סימן
״באלד וועסטו א כלה ווערן,
עס וועט לאנג ניט נעמען״.

# אין די בערג

סעינט־אגאט

**1984**

כ׳האב ליב צו וואנדערן אליין,
אין דער שטילקייט פון ארום.
פריש די לופט, דער הימל ריין,
ס׳קלינגט געזאנג פון אומעטום.

גראזן שעפּטשען זיך מיט בלומען,
ס׳הערט דער גרינער וואלד —
״זומער איז צו אונדז געקומען,
פריילעך וועט זיין באלד!״

דער פארליבטער טאנענבוים,
צוגעגרייט האט שוין זיין קרוין.
ס׳שטייט די ווייסינקע בעריאזקע
ציטערט, טולעט זיך צום קליאן
און דער יונגער קליאן, דער גוטער
ווייס אליין ניט וואס צו טאן.

ס׳איז מקנא איר די ליפּע
ווײנט זי אין דער שטיל און בליפּעט.
ס׳בייזערט זיך די אלטע סאסנע:
״ווער איז דא די באלעבאסטע?״

כ׳האב ליב צו וואנדערן אליין,
אין די בערג, פארטראכט.
און ס׳דאכט זיך, אין דער שטילקייט,
דארט,
מיין ליבער אויף מירווארט.




דארט, וווּ ווייסע ליליעס בליען

# ה ע ר ב ס ט

1983

דער הימל איז היינט אזוי בלוי, אזוי ריין
דעם ערשטן נאָוועמבער, זאל זיין אזוי שיין
עס איז שוין נישט זומער, עס איז אויך נישט מערץ,
און דאך שיינט די זון, און דערפרייט יעדנס הארץ.

אזוי שטיל אין דרויסן, קיין ווינטעלע ווייט,
אין גאלדענע בלעטער, דער אלטער בוים שטייט
עס קלייבן די ווערווירקעס ניסלעך ארום
אין וואסער, ווי שטענדיק, די פיש שווימען שטום.

ווי קען מען פארגעסן א טאג אזא שיינעם,
אזא בלויען הימל, א הימל א ריינעם,
אזעלכע קאלירן, די גאסן, דעם פארק,
דאס אלץ, וואס איז ליב אונדזער הארץ אזוי שטארק.

עס נענטערט זיך דער ווינטער מיט שוואכע טריט,
די פייגל, זיי זינגען נישט מער זייער ליד
זיי קלייבן זיך ביסלעכווייז אין ווייטן וועג,
גאר ווייניק פארבליבן שוין "גאלדענע" טעג...

# גאלד

**1983**

גאלד איז אויף די גאסן,
גאלד, אין גרויסע מאסן,
גאלד, געמישט מיט גרין
קלייבן האט קיין זין.

הערבסט איז פול מיט גאלד
גאלד איז, וואס הערבסט צאלט
גאלד, אין גרויסע זעק,
וויפל גאלד, א שרעק!

קוק זיך שטיל ארום אין גאס,
ס׳פאלט קיין רעגן, ס׳איז ניט נאס.
ס׳שיינט דאס גאלד אויף יעדן בוים,
אזא וואונדער, ס׳גלויבט זיך קוים.

גיב א קוק אין פענצטער,
וועלכער בוים ז׳דער שענסטער?
וועלכע בלעטער, דא און דארט
שטייסט פארכשופט אויף איין ארט.

ס׳נעמט דאס גאלד ארום די פעלדער,
ס׳פעלט קיין גאלד ניט אין די וועלדער
אין מיין גארטן פינקלט, העלט,
גאלד אזוינס באשיינט די וועלט.

## ה ע ר ב ס ט

**1986**

אנגעטאן אין נייע קליידער,
שטייט דער אלטער בוים.
אויף די צווייגן — געלע בלעטער
גרינע זעט מען קוים.

און דער בייזער ווינט, דער קאלטער
בלאזט און הערט ניט אויף
ווײנט און קלאגט דער בוים, דער אלטער:
„וואס וועט זיין דער סוף?"

„לאז מיר, ווינט, כאטש געלע בלעטער
אויף מיין אלטן קאפ,
נאקעט בין איך און געפרארן,
רייס זיי ניט אראפ".

## עס לויפן שנעל די טעג

**1983**

עס לויפן שנעל די טעג,
עס לויפן שנעל די יארן
נאר וואס געוועזן א קינד,
אן אלטער מאן געווארן.

געלאקטע, שווארצע האר,
געבליבן נאר א פאר...
געווארן גרוי און אלט,
ווי שניי, וואס פאלט און פאלט.

# האַרבסט

**1986**

ווידער רעגנט עס אין גאַס,
שוואַרצע וואָלקן, קאַלט און נאַס.
ס׳זינגט קיין פֿויגל אויפֿן בוים,
אַלע צווייגן — נאַקעט, שטום.

נישט קיין בלימל אויפֿן בייט,
נישט מען אַקערט, נישט מען זייט
קורץ דער טאָג און לאַנג די נאַכט,
טיר און פֿענצטער צוגעמאַכט.

ס׳לאַכט דער ווינט: ״איך זינג היינט לידער,
ס׳איז מיין צייט געקומען, ברידער,
אָנגעשריבן די מוזיק,
האָב איך מיט אַ יאָר צוריק״.

״ווינט, דו בייזער, ווערסט ניט מיד,
טאָג און נאַכט דאָסזעלבע ליד?״
״כאַ־כאַ־כאַ, דו נאַריש קינד,
כ׳בין קיין פֿויגל, כ׳בין דער ווינט!״

# דריי בעריאזעס

**1986**

דריי בעריאזעס, איינגעבויגן,
קוקן שטיל אין טייך.
און זיי זעען, ווי אין שפיגל,
זייער פנים גלייך.

"ווי פארעלטערט, גרוי געווארן,"
"שנעל אוועק די יונגע יארן",
"אלע בלעטער שוין פארלארן",
טרויערן די דריי בעריאזעס.

און עס שעפטשען זיך די סאסנעס:
"נאריש זענען די בעריאזעס
ברענגען וועט דער פרילינג ווידער,
גרינע בלעטער, פרייד און לידער."

• • •

עלעגאנטע, דריי בעריאזעס
שפיגלען זיך אין טייך,
"אך, ווי שיין איר זייט געווארן!
נישט דערקענט אייך גלייך"...

# ה ע ר ב ס ט

**1983**

אראפגעפאלן שוין די בלעטער,
נאקעט שטייט דער בוים
אזוי שנעל ענדערט זיך דאס וועטער
אָ! עס גלויבט זיך קוים.

ס'איז קאלט, עס גיסט אין גאס דער רעגן
ס'בלאזט א שטארקער ווינט,
פארפלייצט געווארן אלע וועגן
"בלייב אין שטוב, מיין קינד."

א שרעק ארויסצוגיין אין דרויסן,
קיין נפש אויפן גאס
אין א מבול, אזא גרויסן
ווערסט פארגליווערט, נאס.

די ביימער שטייען שטיל, פארצארנט,
ס'ציטערט יעדער צווייג.
"וואָס איז פון שיינעם בוים געוואָרן?"
"פרעג נישט, בעסער שווייג"...

# דאס לעצטע בלאט

**1987**

עס ראנגלט זיך דאס לעצטע בלאט
מיטן ווינט.
ער רייסט אראפ פון בוים דאס
גאלדן בלאט
און יאגט און טראגט און שלאגט.
עס קרעכצט דאס בלאט, ווי אלע
בלעטער
פארלארן, איינזאם און צעטראטן
ארויסגעלאזט דעם לעצטן אטעם,
בלייבט ליגן שטיל דאס בלאט,
אין בלאטע.

און איך פיל ווי דאס בלאט:
פאַרראַטן, איינזאַם און צעטראָטן,
אין א פאַלשע וועלט פון בלאָטע...



# א תפילה

1987

שטיל געווארן איז דער ווינט,
א שוואכער זונענשטראל האט זיך
באוויזן.
דער הימל ווידער בלוי,
דער וואלקן איז פארשוואונדן
און נאקעטע בעריאזעס ציען
גנעדיק זיך צום הימל
אין א תפילה צו גאט.
די לאנגע, דארע פינגער
פון די צווייגן
בלעטערן דעם סידור:

„גאט פון אברהם, פון יצחק
און פון יעקב,
דערבארעם זיך אויף אונדז.
מענטשן לערנען ניט דיין תורה,
האקן, ברענען אונדז אויף שייטערס,
אן א הארץ, אן א נשמה.

אויסגעהאקט שוין גאנצע וועלדער,
אלע חיות זיך צעלאפן,
ס'זינגט ניט פרי אין וואלד
קיין פויגל,
ס'רוישט ניט מער דער קוואל
דער טיפער,
ס'וועט קיין איינע נישט פארבלייבן
פון די יונגינקע בעריאזקעס;
פרילינג וועט קיין פרייד ניט
ברענגען.
ס'ווערט דיין שיינע וועלט פארניכטעט,
אש און בלאטע וועט פארבלייבן...
האב רחמנות אויף דיין שאפן.

ס'בעטן פייגל דיך און חיהס,
פיש אין טייך און אין די ימען:
„לאז ניט, גאט, די וועלט אפסמען".
ס'בעט דער שמעטערלינג, די בין:
„גאט,
דערבארעם זיך אויף אונדז!"

# קאלט געוואָרן

**1986**

קאַלט געוואָרן. ס׳נעענטערט זיך דער ווינטער,
זאַווערוכעס, שניי און גרויסע פרעסט.
אַלע פייגל — שוין אַוועקגעפלויגן,
פּוסט געבליבן אויפן בוים די נעסט.

ווו־ניט־ווו פאַרוועלקטע, געלע בלעטער,
ציטערן פון קעלט אויף יעדן וועג.
גוטע טעג, ווי שנעל איר זייט פאַרשוווּנגן,
נאָר דער ווינט אין פענצטער קלאַפּט און שרעקט.

קורץ דער גרויער טאָג, די נאַכט איז פינצטער,
ס׳נעמט די פינצטערנעש אַרום די ערד
און דער ווינטער, אויף אַ פערד אַ ווייסן,
רייט און שניידט די צווייגן מיט זײַן שווערד.

# ווינטער פּייזאַזש

**1987**

אין פענצטער זע איך בוימער צוויי,
אַראָפּגעלאָזט די צווייגן
די קעפּ באַדעקט מיט ווייסן שניי,
זיי שטייען שטום און שווייגן.

עס ווייסט נישט קיינער זייער פּיין,
מיט טרויער אין די אויגן
ווו איז פאַרשוווּנדן זייער שיין?
פאַרצווייפלט, אײַנגעבויגן.

איך זע אין פענצטער בוימער צוויי,
אַראָפּגעלאָזט די צווייגן
די קעפּ באַדעקט מיט ווייסן שניי,
זיי שטייען שטום און שווייגן.

# א גוט יאר

**1983**

כ׳ווינטש אייך אלעמען היינט — א גוט יאר!
ס׳וועט ניט שאטן, אויב ס׳וועט זיין א פאר.
שוין גענוג האט געליטן דער ייד,
פון די קלעפ און פון וואנדערן מיד.

לאמיר בעטן ביי גאט, א גוט יאר,
פאר דעם אלטן און יונגערן דור
כ׳בעט פאר אלעמען, יידן, פאר אייך,
מיין געבעט זאל מיקוים זיין, גלייך.

בענטש אונדז, גאטעניו, לאז אונדז זיך מערן,
לאז ניט קיינעם דעם יום־טוב פארשטערן,
זאל מלחמות מער קיינער ניט וועלן,
זאל קיין ברויט אין די הייזער נישט פעלן,

טרערן זאלן פון נחת נאר פליסן,
ליבער גאט, לאז קיין בלוט מער פארגיסן.
אין דער גאנצער וועלט קלינגען זאל נאר:
״היינט איז יום־טוב, זאל זיין — א גוט יאר!״

# א תפילה צו גאט

**1986**

ס'האט מיך גאט געבענטשט מיט טעכטער,
גוטע טעכטער האב איך צוויי.
דאנק איך, גאט, דיר, פאר מיין אוצר,
ווו איך גיי און ווו איך שטיי.

ס'איז אן אוצר גאר א גרויסער,
אפצושאצן איז צו שווער.
דאנק איך, הארציקער, דיך ווידער,
ס'פליסט פאר פרייד דער מאמעס טרער.

פיר זיי גאט אויף גלייכע וועגן,
היט מיין אוצר אפ פון בייז;
פון שווערעליידן, גרויל און טרויער,
ס'בעט א מאמעס הארץ, דיך, הייס.

אין א צרה, לאז ניט פאלן,
גיב צו כוח, גיב צו מוט.
גרויסער גאט, הער אויס מיין תפילה:
באשיץ מיין אוצר, מיין אייגן בלוט.

# "קבר־אבות"

(צום אנדיינק פון א וואונדערבארן פריינד, א טשעך, דר.זדענעק נאסעק)

**1984**

איך ווייס ניט ווו דאס אש איז פון מיין טאטן,
מיין מאמעס קבר איז פון דאנען ווייט.
גיי איך אויפן קבר פון א פריינד, א קריסט.

שוין אכט יאר, ווי ער איז אוועק —
עס שטייט א גרויער צלם אויף זיין קבר,
און איך דערמאן כסדר:
זיין גאלדן הארץ, זיין קלוגן שמייכל,
זיין איידלקייט, זיין גוטסקייט
און זיין שכל.

געטרייסט האט מיך זיין הארציק קול,
ווען אויף די קני, ביי גאט,
פאר מיר האט ער געבעטן.
א ליבער מענטש, אזוי באשיידן,
א יונגער גוף און פול מיט ליידן
נישט אויסגעהאלטן, פרי אוועק...

געלעגן אן זארג, ווי ער וואלט
געשלאפן,
אן ביטערניש די וועלט פארלאזן,
אן כעס...
באוויינט האט אים די גאנצע גאס...

און יעדעס יאר, די זעלבע צייט,
איך און זיין ווייב, צום קבר קומען,
און לייגן דורכגעטרערטע בלומען...



דר. זדענעק נאסעק ביי מיר אין הויז

# חנוכה

1983

גרויסע נסים, גרויסע נסים
ווונדער, ווונדער, אן א צאל
מיר דערמאנען היינט די נסים
און די ווונדער פון א מאל.

עס האבן העלדישקייט באוויזן,
מכּבי, זיינע דרייסטע לייט.
צינדט אן ליכטלעך, פרייהייטס ליכטלעך,
דערמאנט דעם נס פון יענער צייט.

יידן האבן פיל געליטן
פון די גריכן. זייער שווערד
האט געקוילעט און געשניטן,
רויט פון בלוט ס׳געווען די ערד.

אין א שווערן קאמף פאר
פרייהייט,
לאנגע טעג און נעכט,
האט געזיגט דער ייד, דער קנעכט.

ארויסגעיאגט דעם ווילדן שונא,
באפרייט דאס הייליק ארט
און אויל א ביסעלע געפונען,
אין א ווינקל דארט.

א ווונדער! ס׳האט געברענט דער אויל
אנשטאט איין טאג, אכט טעג
און האט באלויכטן יעדערן
צום זיג דעם שווערן וועג.

א שיינער יום טוב חנוכה,
א פריילעכער ביז גאר
די באבע פרעגלט לאטקעס,
״עסט, קינדער, נאך א פאר״.

עס ברענט דאס קליין מנורהלע
דערמאנט דעם יונגן דור
די נסים, גרויסע ווונדער,
צוויי טויזנט הונדערט יאר...

# פורים

1984

ווי היינט, אזוי אין אלטע צייטן
האבן שטענדיק בייזע לייטן
געוואלט פארניכטן אונדזער פאלק.

געלעבט האט דאן א גזלן המן,
ער האט געשווירן אין זיין נאמען,
אומצוברענגען אלע יידן,
געווען באשטימט איז שוין דער טאג.

פארזארגט געקומען איז צו אסתר,
דער קלוגער מרדכי:
״ס׳דראט די יידן א געפאר
העלף אונדז, אסתר. דו אליין,
ביסט אזוי יונג און אזוי שיין.
א קעניגין זוכט אחשורוש,
גיי אין זיין פאלאץ, אלץ איז גרייט
און ראטעווע דיין פאלק פון טויט״.

שטיל שטייט פארפוצט די שיינע אסתר
צווישן אלע כלות דארט.
זי ציטערט, רירט זיך ניט פון ארט.

דער קעניג דערזען אזא שיינהייט,
טוט אן די קרוין אויף אסתר׳ס קאפ
און אלע דינער, אלע שונאים
לאזן זיך אויף די קני אראפ
פאר אונדזער מלכה.
זיי בויגן זיך און כבוד גרויס
ווייזן דער קעניגין ארויס.



ווען שוין אליין מיט אים פארבליבן,
האט אסתר טרויעריק געבעטן:
"גלויב ניט המנען, מיין קעניג,
ער איז א רשע, א פאררעטער
דיך אפצוסמען איז ער גרייט,
ס'איז אמת, נישט קיין פוסטע רייד"...

און אויפגעהאנגען האט מען המן
מיט זיינע יונגע זין, די צען
אזעלכע נסים, אזעלכע ווונדער,
האט די וועלט נאך נישט געזען.

און מיר טרינקען היינט א כוסה .
פאר די נסים, פאר די גרויסע.
פורים קויפן מיר מתנות
און מיר שיקן שלח מנות.

## ס'איז יום טוב ביי יידן

1984

ס'איז יום טוב ביי יידן, ביי יידן איז פסח,
זיי פראווען צוזאמען א סדר א גרויסן
די קינדערלעך פרעגן ביים סדר פיר קשיות,
ווי ליכטיק און פריילעך איז פסח ביים טיש!

און דאך איז א ביסל פארשטערט אונדזער סדר,
עס ליידן נאך יידן אין רוסלאנד כסדר
מען לאזט זיי ניט פראווען קיין סדר קיין איינעם,
קיין מצות, קיין קשיות, דארט פרעגט מען ניט קיינעם.

מיר טרינקען פאר יידן פאר אלע, און האפן,
ס'וועט קומען די פרייהייט, גענוג שוין צו שטראפן
זיי וועלן אויך פראווען א סדר א גרויסן,
מיט מצות, חרוסת, און טרינקען פיר כוסות.

# לו - לינקי, לו, לו.

לו - לי, לו לינקי, לו, לו,
שלאף, מיין קינד, לו, לו.
ס'שלאפן אלע פייגעלעך,
מאך שוין צו די אויגעלעך,
לו - לינקי, לו, לו.

ס'שלאפט די ווייסע ציגעלע,
אין א שטרויענער וויגעלע.
די קעצעלע, דער הינטעלע,
שטיל שלאפן אין א ווינקעלע,
לו - לינקי, לו, לו.

עס שלאפט שוין לאנג דאס קעלבעלע,
די נאכטיגאל, דאס שוועלבעלע.
לו - לי, לו - לינקי, מיין קינד,
מאך די אויגעלעך צו.
לו - לינקי, לו, לו,
לו - לינקי, לו, לו.

## א וויג ליד

**1987**

וױנטעלע, וױנטעלע, קלאַפּ ניט אין פענצטערל,
ס׳שלאָפט איצט מײַן רײזעלע, ס׳שלאָפט איצט
מײַן שײנינקע
גאָלדענע הערעלעך, בלויאינקע אױגעלעך,
צײנדעלעך — פּערעלעך, ליפּעלעך קלײנינקע.

שטער איר ניט, וױנטעלע, בלאָז ניט אין קעפּעלע,
לאָזט איר זיך אויסרוען, קלאַנגען פון גלעקעלעך,
ס׳שײנען פון וויגל, ווי רונדיקע עפּעלעך
רײזעלעס פרישינקע, רויטינקע בעקעלעך.

זונעלע, זונעלע, גאָלדענע ליכטיקע,
לאָז דײַנע שטראַלן באַלײַכטן איר בעטעלע
פײגעלעך, פײגעלעך, זינגט איר א לידעלע,
וויגט אײַן מײַן רײזעלע, גרינינקע בלעטעלעך.

## טאַנצט, קינדער, אין א ראָד!

**1987**

״שטעלט זיך, קינדער, אין א ראָד!
טאַנצט מיט מיר א קאַראַהאָד.
צוויי מאָל רעכטס און צוויי מאָל לינקס,
גיט זיך, קינדערלעך, א דריי;
אָט אַזוי, אָט אַזוי,
הייבט אָן טאַנצן אויף דאָס נײַ!״

# לאמיר בויען שלעסער

כ'נעם מיין שוועסטער פאר א האנט:
"קום און שפיל מיט מיר אין זאמד
לאמיר בויען שלעסער,
ווער וועט מאכן בעסער?"

אויסגעבויט א טיר, פיר ווענט
אין דער מיט — אן אויוון ברענט
זאגט מיין שוועסטערל, מיין קליין:
"שוין געגוג, איך וויל א היים".

# א בעטעלע פאר עטעלען

כ'האב געקויפט א בעטעלע
פאר מיין טאכטער עטעלע

א קאלדרע מיט א קישעלע,
איר צוגעדעקט די פיסעלעך

און ס'שיינט ארויס פון בעטעלע
מיין קליינע, שיינע עטעלע.

# איך האב ליב מיין מאמעס שטרודל

ס'קאכט די מאמע יויך אויף שבת,
באקט געשמאקע קוכן
ווען איך קום פון שול אריין
גיט זי מיר פארזוכן

"מאמע, מאך פאר מיר א שטרודל,
וועסט עס ניט פארגעסן?"
און צופרידן קוקט די מאמע,
ווי די קינדער עסן.

# א גוטע נאכט

דער באָבעס הויז האט פענצטער פיר,
איין קוימען און איין טיר
און ווען ס׳גייט אויף די זון פארטאָג,
קוקט זי אריין צו מיר.

"ס׳איז צייט, מיין קינד, שוין אויפצושטיין,
געקרייט האט שוין דער האָן.
דו דארפסט היינט פרי אין שולע גיין,
שטיי אויף און טו זיך אָן."

און ווען ס׳פארגייט די זון פארנאכט,
ס׳ווערט קיל, דער אוונט קומט,
שיינט די זון צו מיר אריין
און זאָגט: "א גוטע נאכט."

# די טעג פון דער וואך

"קינדערלעך, געדענקט איר נאָך,
וויפל טעג עס האט די וואך?"
"יאָ, יאָ, יאָ,"
זאָגן אלע מיטאמאָל.

זוניק איז דער ערשטער,
מזלדיק ז׳דער צווייטער
און דער דריטער רייט אינמיטן.
ס׳יאָגט אים נאָך דער פערטער —
דער שטילער און דער צאַרטער.
"וואָסזשע שווייגסטו, דאָנערשטיק?"
"איך בין היינט פארנומען."
פריילעך, יום־טובדיק איז פרייטיק,
**שבת** איז דער טאָג פון רו.

**די וואך האט זיבן טעג:**

זונטיק, **מ**אנטיק, **ד**ינסטיק, **מ**יט־
וואך, **ד**אנערשטיק, **פ**רייטיק, **ש**בת.

## א גוט יאר

א גוט יאר אייך, קינדער
זאל זיין א גוט יאר!

ס׳איז דער זומער שוין פארביי,
הויבט אן לערנען אויף דאס ניי!

ראש השנה איז אויף דער שוועל,
און אין שטוב ווערט ליכטיק, העל.

## א סוכּה

ס׳האט דער טאטע שפעט פארנאכט
לעם הויז א סוכּה אונדז געמאכט

באפוצט מיט פרוכטן אלערליי,
א גרויסער טיש אין סוכה שטייט.

פרישע חלה, זיסער וויין,
״גיכער, קינדער, קומט אריין!״

## חנוכּה

אכט ליכטעלעך, אכט ליכטעלעך,
צינדן מיר היינט אן
אכט קליינע חנוכה־ליכטעלעך,
ברענען אויבן אן.

און ס׳פינקלען אלע ליכטעלעך,
באגריסן שטיל די געסט
דערמאנען אונדז די וווּנדער,
דערמאנען אונדז דעם נס.



## פורים

„ווען איז פורים, קינדער?"
„נאכן לאנגן ווינטער."

„און וואס באקט די באבע מאשע?"
„פאר אונדז, קינדער, המונטאשן."

פורים שיקט מען שלח מנות
און די מאמע גיט מתנות.



## דער המונטאש און די לאטקע

בארימט האט זיך א המונטאש
פאר די קינדערלעך אין גאס:
„זעט נאר, קינדער, ווי איך שײַן!
כ'קום אין יעדער הויז ארײַן."

„האלט זיך, המונטאש, ניט גרויס",
זאגט די לאטקע.
„אנגעפילט מיט שווארצן מאן,
ווילסטו זיצן אויבן אן?

איך בין איידעלער און שענער,
ווי די זון, שײַן איך פון טעלער.
לאטקעס עסן קליין און גרויס
און עס שמעקט אין גאנצן הויז."



## פּסח

איך האָב ליב דעם יום־טוב פּסח
ס׳איז אַ יום־טוב גאָר אַ גרויסער
און ביים סדר קשיות פיר
יעדן פּסח פרעגן מיר.

## אַ ווייסינקע בעריאָזקעלע

**1986**

אַ ווייסינקע בעריאָזקעלע,
פאַרפלאַנצט האָב איך אַליין
״וועסט אויסוואַקסן, וועסט אויפבליען,
לעם פענצטער, פריש און שיין.

ס׳וועט יעדער דיך באַוווּנדערן,
ווי הויך, ווי שלאַנק, דו ביסט
דער ווינטעלע, דער רעגענדל:
״בעריאָזקע, זיי געגריסט״.

די זון וועט שיינען, וואַרעמען,
דיר שעפּטשען זיסע רייד.
און זינגען וועלן פייגעלעך,
לידער דיר פאַר פרייד.

כ׳וועל קוקן דורכן פענצטערל,
ווי ס׳בויט אַ שוואַלב איר נעסט
און קוועלן וועט דאָס האַרץ ביי מיר:
״זייט שוואַלבן מיינע געסט״.

# מיין זיידע

**1987**

מיין זיידע איז א שוסטער,
ער מאכט מיר נייע שיך
און ווען עס ווערט צעריסן
לויף איך צום זיידן גיך.

"קענסט, זיידע, זיי פארריכטן?
ס'איז בייז אויף מיר דער טאטע".
און שווייגענד לייגט דער זיידע
א לאטע אויף א לאטע.

"וואס וועט דער סוף זיין, תכשיט?
קום, לערן זיך א פאך
דו יאגסט ארום די טויבן
און קלעטערסט אויפן דאך".

"כ'וויל, ווי די טויבן פליען
אין בלויען הימל, ווייט".
"וועסט אויסוואקסן א גרויסער
און פליען, מיט דער צייט"...

# יאסעלע

**1983**

געוואלט האט טאקע יאסעלע
גאנץ פרי אין חדר גיין.
גענומען וויינען שאשעלע,
ווי לאזט מען איר אליין?

אט איז געקומען שייעלע,
דיין ברודערל, פון שול
קום, גיב א קוק אין פענצטער,
שטיי רואיק אויפן שטול.

איצט מוז איך שנעל שוין לויפן,
געבליבן ווייניק צייט
כ'וועל זעמעלעך דיר קויפן,
ווארט צו, עס איז ניט ווייט.

און מילך און אלץ צו ביסעלע,
ס'וועט זיין א פולע שיסעלע
זאלסט עסן, זאלסט ניט זשאלעווען,
ס'וועט קלעקן פאר אונדז אלעמען.

# א פערדעלע

געווידמעט דודל נאווא

**1983**

געקויפט האב איך א פערדעלע
פארפוצט מיט רויט און בלוי.
קענסט רייטן אויף אים דודל,
אין גארטן, נאר אזוי.

זעקס מאנאט איז אלט דודל,
וואס ווייסט ער פון א פערד?
אין הענטעלע גענומען,
אווארף געטאן אויף ד׳רערד.

צעוויינט האט זיך דאס פערדעלע:
״איך בין דאך אזוי שיין,
אויב ווילסט מיט מיר ניט שפילן,
וועל איך ווו אנדערש גיין״.

אוועקגעשטעלט אין ווינקעלע,
דאס פערדעלע שטייט שטיל
ס׳וועט אונטערוואקסן דודל
און רייטן ווען ער וויל.



# די פּען

ס׳שרייבט און ס׳שרייבט די שווארצע פּען,
ווייל אונדז ווייזן, וואס זי קען.
און די רויטע פּען לויפט נאָך:
״אָך, אָך; אָך, אָך;
פעלער מאכסטו אָן א סוף.
איך וועל, שוועסטערל, פּרובירן
אויף א גלייכן וועג דיך פירן.״

# לערנט, קינדער, די קאָלירן!

עס זיינען געגאנגען שפּאצירן,
פיר קאָלירן.
״איך בין שטענדיק גרין און דין״,
״איך בין העל, מיין נאָז איז געל״,
״איך בין ווי דער הימל בלוי,
ס׳שפּיגלט זיך אין מיר דער טוי.״
איך בין שענער, איך בין רויט,
איר עסט זעמל, איך עס ברויט.״
ס׳איז קאָלירן א סך מער,
נישט נאר: רויט, בלוי, גרין און געל.
״לערנט, קינדער, די קאָלירן.
וועלכע רינגלען אייך ארום!״



# מיין נייער פריינד

**1986**

דעם שכנ׳ס קליינער הינטעלע,
בלייבט שטיין אפט לעם מיין טיר
און קוקט מיר אין די אויגן:
״זיך שוין פארבענקט נאך דיר״.

איך גלעט דאס טרייע הינטעלע
און רייד, ווי צו א פריינד:
״גוט מארגן, ליבער, קום ארײן״,
פאר פרייד דאס הינטל שיינט.

ער לייגט זיין קלוגן קאפּ אוועק,
מיט צוטרוי אויף מיין שויס
און לעקט מיט ליבשאפט מיינע הענט,
״דו ביסט מיין פריינד, איך ווייס״.

# "געדענקט דער מאמעס ווארט!"

**1987**

עס שלאפט די אלטע, גרויע קאץ
אין דרויסן אויפן דאך
"געארבעט" שווער א גאנצע נאכט
און מייז געכאפט א סך.

איין מייזל איז אנטלאפן,
אין דיל ז׳געווען א לאך
ס׳דערציילט די קליינע מייזל,
וואס ס׳האט פאסירט די וואך.

די מאמע־מויז הערט אויסעט
און ווארנט אלע מייז:
"ווער ס׳וועט פון אייך ניט פאלגן,
באצאלן וועט א פרייז"...

און ס׳זיצן שטיל די מייזלעך,
פאר שרעק אין ווינקל דארט
"מען טאר די קעץ נישט גלויבן,
געדענקט, דער מאמעס ווארט!"



## מערץ

**1984**

ס׳איז דער ווינטער אלט געווארן,
אויסגעלעבט שוין זיינע יארן
ס׳קלאפּט דער פרילינג: ״ביסט ניט זיכער?
עפן אויף דאס פענצטער, גיכער!
זעסט עס שיינט די זון אין דרויסן,
אין דיין גארטן, אין דיין גרויסן״.
ס׳שיינט די זון, נאר ס׳ווארעמט ניט,
ס׳פילט זיך נאך דעם ווינטערס טריט...

## א פּ ר י ל

**1984**

ס׳גיסט אין גאס א רעגן,
ס׳בלאזט א קאלטער ווינט
לוזשעס אויף די וועגן,
״בלייב אין שטוב, מיין קינד.״

ווען דעם ווינט ניט פילן,
ס׳וועט נישט נעמען לאנג
וועלן קינדער שפּילן,
ווידער מיט געזאנג.

## ווי הייסן זיי?

זיי וואקסן אומעטום:
אין שאטן, אין דער זון,
אין גראז, אין פעלד, אין וואלד,
זעט מען זיי שוין באלד.
ווי הייסן זיי?

(GIGANGAL)

# אפּריל

**1984**

ס׳ליגט נאך אלץ דער שניי ארום
און די בוימער שטייען שטום
נאקעט ווײַנען צווייגן שטיל:
״ס׳איז דער פרילינג אזוי קיל״.

דער בוים קען קיין קנאספּן לאזן,
ווייל די קאלטע ווינטן בלאזן.
״ווײַנט נישט בוימער, קלאָגנט נישט צווייגן,
ס׳וועט אייך לאנג דער שניי נישט נייגן.

ס׳איז דער פרילינג לאנג געשלאפן,
כ׳האב אים אויפן וועג געטראפן
באלד וועט אויפשײַנען די זון.
וועט איר האבן וואס צו טאן.״

# פ ר א ג ן

ווער קען, קינדער, מיר דערקלערן,
ווי עס וואקסט אין פעלד א מערן?
ווי מען זעצט קארטאָפל, קרויט,
ווי מען מאכט א ברויט?
גרינסן עסט איר אלערליי,
קענט איר זיי?

# פארוואס?

פארוואס איז גרין דאס גראז?
פארוואס האט מען איין נאז?
פארוואס נאר אויגן צוויי,
און מענטשן אלערליי, פארוואס?

## פרילינג

**1984**

גרינינקע בלעטעלעך,
שייניקע צווייגעלעך,
יונגינקע בוימעלעך,
שטייען גאנץ שטום.

ס׳זינגען די פייגעלעך,
ס׳קלינגען די לידעלעך,
ס׳טאנצן די קינדערלעך
פריילעך ארום.

ס׳בליען די בלימעלעך,
ס׳וואקסן די גרעזעלעך,
ליבינקער, הארציקער,
שנעלער וואס, קום!

## פרילינג

**1984**

ווידער גיסט אין גאס א רעגן,
אומעטיק און קאלט
גרויסע לוזשעס אויף די וועגן
נאס אין פעלד און וואלד.

ס׳נעמט די קעלט אדורך די גלידער,
ווי אין מאנאט מערץ
פרילינג ליבער, קום שוין ווידער
ס׳בענקט נאך דיר דאס הארץ.

# פ ר י ל י נ ג

**1984**

בליט, בלימעלעך, בליט
וואקסט, צווייגעלעך, וואקסט
זינגט, קינדערלעך, זינגט
הויבט אן דאס נייע ליד.

בלאז, ווינטעלע, בלאז
שפראץ, פרישינקער גראז
טאנצט, קינדערלעך, טאנצט
כל־זמן איר זייט יונג, אלץ גלאנצט.

שוועבט, וואלקענדלעך, שוועבט
ווער ס׳רירט זיך, דער לעבט
קום, זומער, קום שנעל
שיין, זון, שיין אויף העל.

גיס, רעגנדל, גיס
פליס, וואסערל, פליס
קלינגט, שטימעלעך, קלינגט
שפרינגט, קינדערלעך, שפרינגט.

קיל, וועלדעלע, קיל
שטיל, טייכעלע, שטיל
שפילט, קינדערלעך, שפילט
ס׳לויפן די יארן געשווינד,
מיין קינד...

# ווייסינקע גלעקעלעך

**1984**

ווייסינקע,קלייניקע, שייניקע בלימעלעך,
וואקסן לעם פענצטער אין גארטן ארום
שעמעוודיק בעטן זיך זייערע שטימעלעך:
"נעם אונדז א היים, ליבער פריינד, גיכער, קום".

ווייסינקע, קלייניקע, שטילינקע גלעקעלעך,
שטייען און שמייכלען צו מיר, אויפן טיש
רונדיק געווארן די בלייכינקע בעקעלעך
אויסגערוט, לוסטיק, צופרידן און פריש.

ווייסינקע, קלייניקע, רייצענדע קעפּעלעך,
יום־טובדיק ווינקען און שמעקן אין הויז,
דיניקע, שוואכינקע, גריניקע צעפּעלעך
קוקן פון קלארינקן וואסער ארויס.

## צוויי בוימעלעך

**1987**

פארזעצט האב איך צוויי בוימעלעך
אין גארטן לעם מיין הויז.
באגאסן האט דער רעגנדל,
זיי זאלן וואקסן גרויס.

געוואַרעמט האט א זונענשטראל
די בוימעלעך מיט פרייד.
דער ווינטעלע געוויגט זיי
און געזונגען שטילערהייד.

דאך בענקען נאכן וועלדעלע
די בוימעלעך אין שטאט;
זיי בענקען נאך די שוועסטערלעך,
נאך זייער קאראהאד.

און נאכן שטילן טייכעלע,
נאך קילער, פרישער לופט
און נאך די ווילדע גראזן,
נאך זייער ליבן דופט.

ס׳באלייכטן ווייטע שטערנדלעך
די בוימעלעך ביינאכט
און ס׳גלעט די דינע צווייגעלעך
דער שומר, וואס האלט וואך.

# לופּטעלעך

## א ליד

**1983**

לופּטעלעך געלע
לופּטעלעך שנעלע
שיינינקע קעפּעלעך,
רונדיק, ווי עפּעלעך.

זיי וואַקסן אומעטום:
אין שאָטן, אין דער זון,
אין גראָז, אין פעלד, אין וואַלד,
זעט מען אייך שוין באַלד.

לופּטעלעך געלע
לופּטעלעך שנעלע...

מען דאַרף אייך נישט באַגיסן,
מען שלאָפט, ווי אויף אַ קישן
שטענדיק גוט און שטיל
ס'קען רייסן, ווער עס וויל.

לופּטעלעך געלע
לופּטעלעך שנעלע...

איר בייט אָפּט די קאָלירן,
דערמיט טוט איר שטאָלצירן
דאַ זייט איר געל, דאַ ווייס,
ווען עס ווערט שוין הייס.

לופּטעלעך געלע
לופּטעלעך שנעלע...

גרייט אַלע צו באַגריסן
ס'קען יעדערער געניסן
און גיט אַ בלאָז דער ווינט,
צעלויפט איר זיך געשווינד.

לופּטעלעך געלע
לופּטעלעך שנעלע
שיינינקע קעפּעלעך,
רונדיק, ווי עפּעלעך.

# אין מיין גאָרטן

**1986**

אין מיין שטילן, שיינעם גאָרטן,
וואַקסן פֿרוכטן אַלערליי:
ווײַנשל רויטע, באָרן זיסע,
יאַגדעס שוואַרצע, קאַרשן פֿרישע,
רויטע ווײַמפּעלעך און געלע
בעטן זיך צו מיר אין טעלער.
זאַפטיקע, געשמאַקע עפּל,
שמייכלען, שאָקלען מיטן קעפּל.
מאַלינעס און אַגרעס גרינע,
מאַך ניט אַזאַ קרומע מינע.
ס'וואַקסן דאָרט טרוסקאַווקעס גרויסע,
קום און קלײַב אַן גאַנצע קוישן.
פֿלוימען, אַפֿריקאַסן צאַרטע,
אין מיין גאָרטן אויף דיר וואַרטן.
אַ בוקעט פֿון אַלע סאָרטן,
גריסט אייך פֿון מיין ליבן גאָרטן.

# האַרבסט

**1983**

דער לעצטער זומערדיקער טאָג,
ס׳איז קיל, שטייסט אויף פאַרטאָג.
קירצער ווערן שוין די טעג,
דער זומער איז אַוועק,

דער גרינער בוים אַליין,
טוט אָן אַ גאָלדן קרוין
עס קומען לאַנגע נעכט,
האַרבסט איז דאָ.

עס וויינען שטיל די בלומען:
״ווען וועט דער פֿרילינג קומען?״
״דער פֿרילינג איז נאָך ווייט,
ס׳וועט קומען אויך זיין צייט״.

# לערנען יידיש וועט מיין קינד

**1987**

אויפגעניייט אַ קליידעלע,
פֿאַר מיין גוטע מיידעלע
געקויפֿט איר נייע שיכעלעך,
צוויי העפֿטן און צוויי ביכעלעך.
צייַט צו גיין אין שול אַצינד,
לערנען יידיש וועט מיין קינד.

## דער ווינטער קומט צוגיין

1983

ס׳איז ווייס ארום, א פרעסטעלע,
דער ווינטער קומט צוגיין
עס זינגען ניט אין נעסטעלע,
די פייגל אזוי שיין.

די זון שיינט היינט א ביסעלע,
פון פראסט די נעזער רויט
עס פרירן גלייך די פיסעלעך,
צו דעליקאט די הויט.

„טוט אן זיך ווארעם, קינדער,
געקומען קאלטע טעג.״
עס איז גאר נישט קיין ווונדער,
דער זומער איז אוועק.

## שניי

1983

שניי, שניי, ווייסער שניי,
ס׳פאלן פלאקן אלערליי:
קליינע, ווייסע שטערנדלעך,
גרעסערע, ווי פערעלעך.

אויף די פעלדער און ארום,
ווייס פון שניי איז אומעטום.
ס׳שטייט פארפוצט דער טאנענבוים
גרינע צווייגן זעט מען קוים.

קינדערלעך, מיט א געשריי,
שפילן זיך אין ווייסן שניי
רויט די באקן און די הענט,
אלץ ווערט ווייס אין איין מאמענט.

כ׳נעם מיין שוועסטער גיטעלע
אויף איר קליינעם שליטעלע
אנגעשפילט זיך, קאלט צו שטיין,
ס׳איז שוין צייט א היים צו גיין.

# ווינטער

**1987**

ס'פאלן שטערנדלעך פון הימל
ווייסע שטערנדלעך ארום:
אויף די גאסן, אויף די פעלדער,
אין מיין גארטן, אומעטום.

ווייסע קליידער, ווייסע קליידער,
האבן אָנגעטאָן דיביימער
און די דעכער, און די דעכער,
זענען ווינטער א סך העכער.

אונדזער קוימען טראָגט א הוט,
ס'איז אים ווארעם, ס'איז אים גוט
און דער שניי־מענטש קוקט אין פענצטער:
"קינדער, איך בין היינט דער שענסטער."

# דער פראָסט

**1983**

ס'איז דער פראסט גאר בייז געווארן,
"איך בין קעניג! מיין קרוין שיינט!"
אויסגעשריען מיט גרויס צארן:
"ווינט! בלאז שטארקער! איך הערש היינט!"

ס'שטייט דער טייך גאנץ שטיל, געפרארן,
און די פעלדער און דער וואלד
ווי א קינסטלער, מאלט אוזארן
ווו ער קומט נאר, זעט מען באלד.

ס'לאכט דער פראסט: "דו ביסט פארלארן,
גאלדן הערבסט, ביסט, ווי א פליג
איך בין שטארק, נאר וואס געבארן,
וועסט באלד שטארבן, ס'איז מיין זיג!"

ס'האט דער שוואכער הערבסט געשוויגן
לאנג געטרויערט אין זיין וויג
דאן געענטפערט: "זאגסט א ליגן,
ס'וועט דער פרילינג דיך באזיגן."

# קלייניקנע שטערנדלעך

**1987**

ס׳וואנדערן, ס׳וואנדערן, קלייניקנע שטערנדלעך
זוכן פאריסומטע, יונגע נשמהלעך
ווייט אין די הימלען פארגיסן זיי טרערעלעך -
טרערעלעך הייסע און קלארע, ווי פּערעלעך.

ס׳בלאזט נישט קיין ווינטעלע.
ס׳גיסט נישט קיין רעגנדל,
ס׳שוועבן נאר וואלקענדלעך, ווייסינקע, ליכטיקע,
ס׳ציען צום הימל זיך פלאמען פון פייערלעך,
ווי זאנגען גאלדענע, דינינקע פעדעמלעך.

ס׳פליסט נישט קיין וואסערל,
ס׳בליט ניט קיין בלימעלע,
ס׳קלינגען נישט פריילעכע, קינדערשע
שטימעלעך.
ס׳וווּנדערט די וואלקענדלעך:
״וואס זוכט איר, שטערנדלעך?״
״יונגע, פאריסומטע, גוטע נשמהלעך״...

# ס׳איז א גרויסער יום־טוב.

(צום 40־טן געבורטסטאג פון יום העצמאות)

**1987**

וואלקנדל, וואלקנדל,
גיב אונדז א רעגן
באגיס די גערטענער
וואש ריין די וועגן.

ס׳וועלן די קינדערלעך
טאנצן און זינגען
קינדערשע שטימעלעך
פרייליך היינט קלינגען.

ס׳איז א גרויסער יום־טוב,
ס׳איז א גרויסע פרייד
פייערן דעם יום־טוב
בין איך, מאמע, גרייט.

"וואס פייערן די יידן
אין דער גאנצער וועלט?"
"יום העצמאות׳ס געבורטסטאג"
זאגט יאסעלע און קוועלט.



# בייגל דער בארימער

**(א פילאזאפישער געשפרעך צווישן א בייגל מיט א חלה)**

**1983**

בייגל דער בארימער
קומט אריין אין צימער.
"גוט מארגן, חלה, פריינד
כ'בין איינגעלאדן היינט
צום רבין אויף קעסט
ס'וועט זיין אזויפיל געסט...

מען וועט מיך באלד פארפוצן
מיט ווייסן קעז, א גוטן,
מיט פוטער און מיט לאקס,
זע נאר, ווי איך וואקס"...

די חלה האט געענטפערט:
"אמת, כ'האב קיין ווערטער.
פון דיינעם טייג, דעם גראבן,
טוט זייער וויי דער מאגן.

דו גיב א קוק אויף מיר
כ'בין איידעלער פון דיר,
כ'האב שענערע קאלירן,
ס'איז גרינגער מיר צו שמירן,
כ'בין שיין און הויך און פיין
אויף קידוש און צום וויין.
מיט וואס טוסטו שטאלצירן?...
אין מיטן מיט א לאך
און דו בארימסט זיך נאך.
מיך קויפט מען נאר אויף שבת,
דיך עסט מען יעדן טאג.
נישט אמת, בייגל, זאג!"

נאר בייגל דער בארימער,
פארלאזט נאך ניט דאס צימער.
ער זידלט גאר די חלה:
"וועסט שוין ניט זיין מיין כלה".
"איז נישט".

# א קו

**1983**

צווישן אלע שווארצע קי, איין קו געווען א געלע,
ווי אלע קי, האט די געקייט דאס פרישע היי, דאס העלע.
צוויי אויגן קעלבערנע, קוים וואס דערזען, פארשלונגען;
עס האט דער געלער קו אלץ וואס זי טוט, געלונגען.
פארריסן האט די קו די נאז
אין מויל געבליבן שטעקן גראז.
זי איז געווארן פויל צו קייען,
איר מאגן קען גארנישט פארדייען.
זי האלט זיך ביי זיך אזוי גרויס,
מען זעט אין סטאדע קוים ארויס
די געלע קו. זי איז אינמיטן,
ווי אויף א טראן, ווי אויף א שליטן.
די שווארצע קי פארשטייען ניט,
מען גייט פאמעלעך, שריט ביי שריט.
וואס גייט זיי אן די געלע קו,
ווי אלע שרייט זי אויך: "מו, מו"...
נישטא קיין גרויסער אונטערשייד
צום קייען זיינען אלע גרייט.
"ווו איז דיין שכל? לאָז צו רו,
א געלע קו איז אויך א קו"...

# די סאָווע

(א משל)

1984

זיצט א סאָווע אויף א בוים
אויפן קאָפּ טראָגט זי א קרוין
בייזע אויגן צוויי, א שרעק
לאָז איר זיצן, גיי אַוועק...

ס'זיצט די שטאָלצע קעניגין,
קוקט אהער און קוקט אהין
זיצט אזוי שוין יאָרן פיל,
זיצט און גראַגעט, ווי א גריל.

ס'קומען צו דער סאָווע געסט,
וואַרעמען זיך אין איר נעסט.
"סאָווע, ס'האָט זיך דיר געדאַכט",
האָט די נאַכטיגאַל געלאַכט...

# א חוצפּהניק

1983

ס'איז א פּראָסטער "שאַלע שודעס",
זאָגט ניט קיינמאָל עפּעס גוטעס
חוצפּה האָט ער אָן א שיעור,
אויב איר גלויבט ניט, פרעגט ביי מיר.
גראָבקייט ליגט אויף זיינעם פּנים,
זיין מיט אים, איז ווי אין גיהנום
ער האַלט זיך אזוי גרויס!
קיין חכמה זעט מען ניט אַרויס...
האָט א שאַרפע, לאַנגע צונג,
ס'איז א פּראָסטער, גראָבער יונג.

# א פייער

**1983**

א שיינער, זומערדיקער טאג,
כ׳בין אויפגעשטאנען פרי־פארטאג.
איך הער א ליארעם: „עס ברענט!
עס ברענט! עס ברענט!
עס ברענען שוין די ווענט!"
דאס הויז איז פול מיט רויך,
עס שטיקט אין האלדז, אין מוח.
מיין שכנה יאכנע־דבורה,
יענע „סחורה"...

אנשלאפן געווארן, ווי נײַ געבארן,
דאס גאז פארגעסן, פארברענט דאס עסן,
דעם טאָפּ, די פּליטע, זאל גאט אפּהיטן.

אין גאס — א טומל, א געשריי:
„וואס איז געשען? וואס איז געשען?
האסט עפּעס דארט געזען!"

ארײַנגעלאפן איז איוואן,
געהאלפן לעשן האט מיין מאן,
ביז ס׳איז געקומען „די קאמאנדע",
איז שוין געווען צו אלץ אן ענדע.
אוי, איז דאס א שכנה,
אין מאנטרעאל — נאר איינע...

# א מעשה מיט א בעט

**1983**

געשטאנען איז אן אלטע בעט
און האט צו זיך אליין גערעדט:
"איך האב ניט ווו צו וווינען,
נישטא אויף מיר קיין קונים,
מיין באלעבאסטע פארט אוועק,
ארויסווארפן מיך האט קיין צוועק.
איך וועל נאך לאנג אייך דינען
א בעלן, קענסט געפינען?"

"א.ק.", זאג איך, "כ'נעם דיך צו זיך".
דאס בעט האט זיך דערפרייט:
"איך האב א נייע היים!"...

נאך דריי יאר האט עס זיך געמאכט
איך מוז אוועק. גיב איך א פרעג:
"אפשר ווילט איר צוריק דאס בעט?"
"ניין, ניין, א דאנק, ווארף עס ארויס,
איך האב קיין פלאץ ניט אין מיין הויז!"
דאס בעט געבליבן א מתנה
דעם נייעם שכן, "לארד אנטאני".
דערזען האט דאס די באלעבאסטע,
"איך וויל צוריק מיין בעט!"
"צו שפעט"...
"איך קום ניט מער צו דיר צוריק,
גענוג שוין דיינע פוילע שטיק".

# א קארגער ייד

1983

ער איז שוין לאנג א זיידע
און רייסט נאך איין די וועלט.
אליין איז ער זיך מודה,
עס פעלט אים ניט קיין געלט.

און ווו ער קען, דארט כאפט ער
אראפ פאר זיך "א נאש".
איך האב פאר אייך קיין ווערטער,
איך מאך מיט אייך קיין שפאס.

אויב ס'בלייבט וואס אויפן טיש,
וועט ער דאס ניט דערלאזן
כאפט ברויט, געפילטע פיש,
קענסט זיך אויף אים פארלאזן.

א פלעשל גוטן ווייַן,
פוטער, זעמל, קעז,
לייגט אלץ אין "טאש" אריין,
אפילו מיאנעז.

אראפגעראמט פון אלע טעלער,
דאן לאזט ער זיך אין וועג אריין.
ווי אלע, האט ער זיינע פעלער:
קארג־
אפילו, ווען עס איז נישט זיין.

דער צווייטער פעלער איז ניט בעסער,
דער צווייטער פעלער איז נאך גרעסער
רוקט אומעטום אריין די נאז,
עס מעגן הענגען הונדערט שלעסער.

# "צוויי יענטעס"

**1983**

פאַרוואָס מען רופט זיי "יענטעס",
"פאַרביסענע", "פאַרברענטע",
ווייס איך טאַקע ניט.

מען זאָגט, זיי ווייסן אַלץ:
ווער וואָס עסט אַן זאַלץ,
וואָס מען האָט געקאָכט,
ווו דער שכן שלאָפט.

וואָס מען טוט אין הויז,
וועמעס בויך וואַקסט גרויס.
וואָס מען האָט אין באַנק,
ווער עס לעבט צו לאַנג.

וועלכער ווייַן איז זיס,
ווער ס'האָט קרומע פיס.
קיינמאָל גאָר ניט מיד,
ווי אויפן יאַריד:
גו, גו, גו, און דו, דו, דו,
ווייס איז שוואַרץ און שוואַרץ איז בלוי,
בלוי איז רויט און רויט איז גרוי,
גלאַט אַזוי, גלאַט אַזוי...

איין "יענטע" איז פון מזרח,
די צווייטע איז פון צפון
ווען איינע שטייט שוין אויף,
דאַן גייט די צווייטע שלאָפן.
ס'קען עפּעס נאָך פּאַסירן,
ווי קען מען דאָס דערלאָזן?
חלילה!
אַזאַ מין "דזשאָב" פאַרלירן,
איז טאַקע אַן עבירה.

# א פּאָרטרעט

**1984**

באַרימט האָט זיך אַ גרויס גביר
ער קויפט אויף שבת הינער פיר
און געגנדז און קאַטשקעס אָן אַ שיעור.

דערהערט האָט דאָס דער ווילער באָס,
שטעלט אָפּ דעם רייכן ייד אין גאָס:
״איך קויף אויף שבת עופות צען.
ביים זעלבן שוחט אויך געוועזן
ער זאָגט, ער קען דיך ניט.

האָסט נישט קיין ווייב, האָסט ניט קיין קינד,
קויפסט ניט קיין עופות, עסט גאָר ״רינד.״ (פלייש)
אויף צוואַנציק שלעסער איז דיין טיר,
קענסט דען פאַרגלייכן זיך צו מיר?

כ׳האָב זיבן טעכטער, זיבן שניר,
צען אייניקלעך, פאַרהייראַט פיר.
צו ביסט אַ קבצן״, זאָגט אים באָס,
ער מאַכט גאַנץ אָפּט אַזעלכע שפּאַס.

# "ברוך השם, מיר פארן קיין ניו־יארק"

**1985**

לאה און אבראשא
פון באלטא, לעם אדעס
געקומען קיין ישראל,
ס'איז געשען א נס.

געקויפט א הויז, א קלייטל,
א ריר געטאן זיך שנעל —
אין גארטן וואקסט א טייטל,
אין שטוב איז ליכטיק, העל.

נאר פלוצלינג האט אבראשא
אראפגעלאזט די נאז,
ער פרעגט ניט מער קיין קשיות:
"פארוואס? פארוואס? פארוואס?"
פארקויפט דאס הויז, זיין קלייטל,
דעם גארטן מיטן טייטל.

"וואס איז מיט דיר, אברהמל?
וו לויפסטו, זאג, וו ברענט?"
"מיר פארן קיין ניו־יארק,
דארט לעבט מען שטיל, אן זארג...
ווער דארף די קריגערייען
צווישן די פארטייען".

געווארן איז אברהמל "דזשעק",
זיין ווייבל הייסט שוין "לוסי"
פון יידישקייט איז ער אוועק.

דזשעק עסט אין רעסטאראנען,
באצאלט דעם קעלנער מיט א "טשעק",
פאר פרעמדע מאַרצעפּאנעס.

ווו לויפט איר, יידן? שטעלט זיך אפּ!!!
פארלירט ניט שנעל אזוי דעם קאפּ,
פּל־זמן עס איז ניט שפּעט...

א שוואכער קול פון אוישוויץ ווארנט:
"לויפט ניט, גוטע ברידער, הערט!
אן אונדזער אייגן לאנד ישראל
זייט איר גאר ניט ווערט"...

גאלד און אוצרות גרויסע,
דאס קענט איר פארלירן
און ווידער ווערן שקלאפן
און בויען פּיראמידן.
ניט בעסער בויען ציון
אין שלום און אין פריידן,
אן אייגן לאנד פאר יידן?...

און קוקן שטאלץ צום הימל,
און זאגן צו דער וועלט:
"געננוג געווען שוין שקלאפן,
פארקויפט פאר גאלד און געלט"...

אין רוסלאנד — **אבראשא**
אין ישראל — **אברהם**
אין ניו־יארק — **"דזשעק"**

# „אבסטראקט“

**1986**

כ׳האב געזען א מאדנעם חלום:
ס׳זיצט א ווילדער מענטש, פארטראכט
מיט דריי אויגן אויפן פנים
איין אויג ווײנט, דאס צווייטע לאכט.

אויף איין האנט — זעקס לאנגע פינגער,
אין מויל שטעקן פינגער צוויי
און דאס דריטע אויג פון מידקייט,
איינגעשלאפן איז לעם זיי.

אויפן קאפּ — צוויי שטרויענע פיסלעך
טאנצן, דרייען זיך אין טאקט
כ׳האב געמיינט, עס איז א חלום,
ווייזט זיך אויס, ס׳איז גאר „אבסטראקט“.

# כ׳מוז שנעל לויפן

1984

כ׳מוז שנעל לויפן, כ׳מוז דעריאגן,
כ׳בין נאך אזוי ווייט
כ׳וויל דער וועלט אזויפיל זאגן
כ׳האב נישט צופיל צייט...

שיינע, גוטע, יוגנטיארן
מיטן קריג אוועק.
שווערע צייטן, אלץ דערמאנען
האט שוין נישט קיין צוועק.

כ׳וויל נאך שיינע לידער זינגען
גיין מיט אייך אין טאנץ
זאל מיין שטימע ווידער קלינגען,
מיט איר אלטן גלאנץ...

# געווידמעט העניע לין

1986

די הויכע, דארע, שטילע העניע,
מיט דינע, לאנגע, צעפלעך צוויי
אין פלאם פון באמבעס, רויך און פייער
מיך נישט געלאָזט אין וועג אליין.

פארגאנגען זענען יענע יארן
זי איז א באבע שוין געווארן
אבער די שטילע, גוטע העניע,
פארבליבן איז אין מיין זכרן.

# מיין זון איז זייער פרי פארגאנגען

**1987**

מיין זון איז זייער פרי פארגאנגען,
מיר נאכגעלאפן איז דער ווינט,
דער קאלטער רעגן. וואלקן גרויע
פארדעקט האבן די הימלען בלויע.

א שוואכער שטראל באלייכט מיין וועג,
נישט דאס ליכט פון א לאמטערן
ערגעץ בלאנדזשעט וויט מיין שטערן.

דער לבנה׳ס בלייכער שיין,
קוקט מיר טיף אין הארץ אריין —
ער אליין, זעט מיינע טרערן.

און ס׳באהאלט די שטילע נאכט
מיך פון שאטן, וועלכער וואכט,
וואס פאלגט מיר נאך.

גראזן שענקען מיר א שמייכל,
בלומען — זייער אראמאט,
ס׳זינגט א ליד אין וואלד א פויגל
און פארוויגט מיך מיט זיין פראכט.

פעלדער גרינע גרוסן שיקן,
וואסערן — דאס הארץ דערקוויקן
פרי־פארטאג באגריסט דער טוי
און די לאנקע שמעקט אזוי.

פריילעך פליסט א טיפער קוואל
און די זון שענקט מיר א שטראל.

# ערינערונגען פון אוראל

**1985**

דער גורל האט מיך יונג פארטריבן
פון מיין היים.
אין דער פרעמד, אליין פארבליבן,
מיין נאמען האב איך ניט פארשעמט.

געווען די ערשטע ביי דער ארבעט,
און ניט די לעצטע ביי דעם טאנץ
אין שול געלאפן, דריי שעה געשלאפן,
שווער געארבעט טאג און נאכט.
איינמאל אין טאג שווארץ ברויט געגעסן,
זיך קיינמאל ניט פארקויפט פאר עסן.

און נאך דער ארבעט, געראמט די וועגן,
פון הונגער אויסגעמאטערט, שוואך,
אין וואלד דאס האלץ געהאקט, געזעגן.
פון פרי פארטאג ביז שפעט אין פעלד
געארבעט אן א גראשן געלט.

געשלעפט פון ברונעם עמערס וואסער,
אין גרויסע פרעסט, פון קעלט געפרארן,
נאר קיינמאל ניט דעם מוט פארלארן.
איך האב אין לעבן אלץ געטאן.

די אלטע קריסטין קוקט מיך אן:
"ביסט אזוי יונג, ביסט אזוי ריין,
ביסט נישט פון אייזן, נישט פון שטיין
שלעפסט שווערע זעק א גאנצן טאג,
שטייסט אויף און לערנסט פרי פארטאג".
"דער וועג פון וואנדער איז נישט לייכט"...

# דער מענטש איז קיינמאל ניט צופרידן

1983

דער מענטש איז קיינמאל ניט צופרידן:
דא איז צו קאלט, דא איז צו הייס.
נאר היינט ב׳אמת, איז אין דרויסן
די היץ ניט אויסצוהאלטן גרויס.

די טיר און פענצטער שטייען אפן,
מען קען אין שטוב ביינאכט ניט שלאפן.
דו גייסט ארויס אין גאס,
דאס העמד איז אויף דיר נאס.

און קומט דער ווינטער,
קלאגט מען ווידער:
דער טאג צו קורץ, די נאכט צו לאנג,
עס טוט אונדז שטענדיק עפּעס באנג.
מען זינדיקט; לאמיר זיין געבענטשט,
א מענטש איז נאר א מענטש.

# ריזן — הייזער

1987

כ׳בין נישט געוווינט צו ריזן־הייזער,
כ׳האב ליב א הייזקעלע א קליין
עס זאָל לעם הייזל זיין א גארטן,
אין גארטן בליט דער עפּלבוים.

כ׳וויל הערן, ווי די פייגל זינגען
און זען, ווי ס׳בויט א שוואלב איר נעסט
כ׳האב ליב צו ארבעטן אין גארטן
און ווינשל קלייבן פאר א גאסט.

איך האב נישט ליב קיין ריזן־הייזער
מיט שוויץ־בעדער, מיט אלערליי.
כ׳האב ליב צו באדן זיך אין טייכל,
אין קלארן וואסער, אויף דער פריי.

# פארוואס ?

(געווידמעט מארטין גריי.)

**1983**

פארוואס איז גרין דאס גראז, פארוואס ?
פארוואס האט מען איין נאז,
פארוואס נאר אויגן צוויי
און מענטשן אלערליי, פארוואס ?

פארוואס איז ווינטער קאלט, פארוואס ?
פארוואס איז קיל אין וואלד,
פארוואס איז זומער הייס
דער טאג איז אזוי גרויס, פארוואס ?.

פארוואס צוויי הענט, צוויי פיס, פארוואס ?
פארוואס איז שרייען מיאוס,
די זון פארוואס אפט שיינט
דעם רעגן האט מען פיינט, פארוואס ?

פארוואס אזויפיל האס, פארוואס ?
ווען גייסט ארויס אין גאס,
מען קען דאך לעבן שטיל
פארוואס נישטא דער וויל, פארוואס ?

פארוואס פיר ווענט, איין טיר, פארוואס ?
און פראגעס אן א שיעור,
פארוואס ? פארוואס ? פארוואס ?
שטעקסט אומעטום די נאז, פארוואס ?

## ״א װוּנדער־פֿישעלע״

**1987**

כ׳האָב אַ פֿישעלע אַ קלײן
אַלץ פֿאַרטרױ איך איר אַלײן.
און דאָס פֿישעלע פֿאַרשטײט,
קוקט אין מױל מיר װען איך
רײד.

גיט אַ פֿינטל מיטן אױג
און אַ שאָקל מיטן קאָפּ,
דאַן אַ פּליעסקע מיטן עק,
הערט מיך אױס און שװימט
אַװעק.

און אין װאַסער שטיל און שטום,
קוקט דאָס פֿישל זיך אַרום.
״זאָלסט פֿאַר קײנעם גאָר ניט רײדן!״
״עס װעט בלײַבן צװישן אונדז
בײדן״...



״אַ װוּנדער־פֿישעלע״

# צום מוטערס טאג

1983

מאמעס גוטע, מאמעס זארגן,
קאכן, גרייטן צו אויף מארגן:
געשמאקע זעמעלעך, געבראטנס,
זיסן צימעס און קאמפּאטן,
לאטקעלעך און קוגעלעך
און וואס נאר אויף דער וועלט.
עסט קינדערלעך, טרינקט קינדערלעך
וואס יעדערן געפעלט.

די קינדערלעך, זיי ווייסן ניט,
ווי מיד די מאמע איז
די אויגן קלעפּן איר זיך צו,
זי שטייט קוים אויף די פיס.

א יידישע מאמע, ווער ווייסט עס ניט?
זי קאכט א גוטן יויך
און קומט א יום־טוב גרייט זי צו
אז פּלאצן קען דער בויך.

צום מוטערס טאג, די קינדערלעך
באמיען זיך אליין
אלץ צוגרייטן, אלץ צוראמען,
אלץ מאכן זייער שיין.

די שטאלצע מאמע זיצט פארפּוצט
לעם טיש גאר אויבן אן
און מען דערלאנגט איר, ווי א קעניגן
ס'איז איינמאל נאר אין יאר.

ליבע מאמעס, גוטע מאמעס,
מאמעס קויפט מען ניט פאר געלט
ס'איז דאס גרעסטע גליק אין לעבן
אייך צו האבן אויף דער וועלט.

לאמיר אלע צוזאמען, באגריסן די מאמעס
און ווינטשן זיי נחת און פרייד
די יידישע מאמעס, די טייערע מאמעס
זיך מקריב זיין פאר קינדער גרייט.

# צו דער גאלדענער חתונה פון די בינשטאקס

**1984**

געבליט האט א רויז אין גארטן,
ס׳האט יעדער באוואונדערט די בלום
פארשווונגן פלוצלינג שטיל און שטום —
ניטא שוין מער די רויז אין גארטן...

״אזא שיינע, צארטע ראזע,
צוגעגנבעט ווער? א העזה!״...

א בין האט די פרעבטיקע רויז
דערשמעקט,
פון טיפן שלאף זי אויפגעוועקט
און צוגערויבט, אן עק.
אין זיין בינשטאק געבראכט,
שפעט פארנאכט.
״סוועט ביי מיר דיר גאר ניט פעלן,
זיסן האניק, וויפל ס׳ט׳ וועלן״...

ס׳שפילט מוזיק, ס׳באגריסן אלע:
״מזל - טוב, אייך, חתן - כלה״!
ס׳לעבט אזוי דאס ״גאלדן פאר״,
קיין עין - הרע 50 יאר.

עלטערט זיך אין איינעםביידע,
נחת קומט אייך, באבע-זיידע
אין א טאג, אזא, ווי היינט,
ווינטשן אלע גוטע פריינט:
״לעבן זאל דאס ״גאלדן פאר״,
גליקלעך 120 יאר״.

# שרהלע

1983

געבענטשט פון גאט איז שרהלע,
א צוגעפאסטע פּארעלע
זיי האבן שוין 5 קינדערלעך:
צוויי מיידעלעך, דריי יינגעלעך.

אזוי יונג זעט אויס שרהלע
און טוט אלץ, קיין עין־הרע איר
זי קאכט און באקט און לייענט פיל
זי דאווענט שבת אין דער שטיל.

און שטענדיק מיט א שמייכל,
עס פעלט איר ניט קיין שכל.
ווי שעפעלעך נעמט שרהלע די קינדערלעך ארום
זיי קומען זיך צולויפן פון אומעטום.

און אלע צו דער מאמען,
זי האט דאך טויזנט טעם'ען.
דעם טאטן גרויסן כּבוד
גיט שרהלע אפּ תמיד.

די מאמע אירע, אסתר,
זעט אויס פּונקט, ווי א שוועסטער.
דער טאטע, א געליטענער
פארזוכט שוין זיס און ביטערע

קלייבט נחת פון דעם איידים
זיי היטן אפּ דעם זיידן.
ווי אין אלטע צייטן
צו גאט, און צו לייטן.

# שיינדעלע

**1983**

געפירט האב איך א ליבע
אין מיין מאמעס שטיבל
א שטיבעלע פון האלץ
געוועז ז׳מיין מאמע שטאלץ.

״איך קען אן דיר נישט לעבן,
שיינדעלע, מיין קרוין
כ׳וועל צו דיין מאמען גיין
וועסט באלד א כלה ווערן.
דו ביסט מיר אזוי ליב
געטריי דיר ביז צום גריב.
קענסט, שיינדעלע, מיר גלויבן״.

אין אלטן, קליינעם שטיבל,
האט קיינער קיין פאריבל,
געבוירן ט׳שיינדל — ניין
און אלע זיינען פיין.

איינס שענער פון דעם צווייטן:
דריי מיט א נאז א ברייטער,
צוויי קליינטשינקע, ווי מאן,
א וויגל אויבן אן.
איינס לויפט אין שטוב ארום
און צוויי די פיסלעך קרום
אן אמת׳ער גביר,
אזא יאר אויף מיר.

# צום פאטערס טאג

**1983**

אין יוני באגריסט מען די טאטעס
מיר ווינטשן זיי נחת און פרייד,
געזונט און פרנסה, מען לעבט זיך נישקאשע.
ס'איז גוט, וואס כאטש איינמאל אין יאר,
באגריסט מען די טאטעס.

מען לאדעט זיי אין רעסטאראנען,
באשטעלט פאר זיי מארצעפאנעס,
מען קויפט א מתנה דעם טאטן,
דעם אלטיטשקן ייידן, דעם גוטן.

די ווייבלעך פארפוצן זיך שיין,
מען גיסט אן א גלעזעלע וויין
זאל פריילעך זיין!

פארדינט דער טאטע...
געהארעוועט שווער פאר די קינדער,
געשיקט זיי אין קאלעדזש.
קיין וואונדער;
געווארן איז דער זון א דאקטאר,
א לערערין די עלסטע טאכטער.

די "שניידערלעך" און "שוסטערלעך",
אזויפיל צרות דורכגעמאכט
און דאך געבליבן לעבן.
געקויפט א הויז, א "קאר" און מעבל.

דער טאטע האט מיט אלץ פארזארגט
אין באנק א ביסל צוגעבארגט,
געמאכט בר־מצווה'ס, חתונה'ס,
גענוג געיאגט.
איצט, לאמיר פייערן
דעם פאטערס טאג.
ל ח י י ם !!!



העלענא און אָלגא קאהן
מיט זייער טאטן

# געבאקטע פיש

(פאר מיין מאן)

**1983**

אויפגעשטאנען פרי פארטאג
איז דער פעטער נחום.
צוגעגרייט אלץ, ווי ער זאגט:
"דארפסט נישט זיין קיין חכם".

א שעה געקאכט דעם גרויסן פיש,
דערנאך צוויי שעה געבראטן
עס שטייט דער פיש שוין אויפן טיש,
צו זיך גאר ניט געראטן.

באפוצט ארום מיט מערן
לאמיר, פריינט, אייך זאגן,
איר וועט פארגיסן טרערן,
אויב ס'וועט אריין אין מאגן.

דער פיש איז אזוי טרוקן,
מען זעט ארויס די ביינער
א שרעק אויף אים צו קוקן,
ס'בלייבט שטעקן אין די ציינער.

מען לאכט, מען שארפט די צונגען,
ס'איז פריילעך היינט ביים טיש
"עס איז מיר נישט געלונגען
דאס מאל געבאקטע פיש".

# "די ציוויליזירטע וועלט"

**1986**

טעראריסטן, באמבעס, פייער,
מענטש, דיין לעבן איז גאר ניט ווערט
ס׳ברענט די ערד אונטער די פיס,
ס׳ברענען הייזער, וועלדער, חיהס.

שיסעריי, געשריי געשלעג,
אין דער לופט, אויף יעדן וועג.
טאנקען, מינעס, מיסלס, שווערד,
א גיהנום אויף דער ערד.

אויסגעלאסן, שיכור, ליגן,
גנב, גזלן, רויב און מארד
אלע טאג, טראגעדיעס נייע -
ס׳פליסן טרערן, ס׳גיסט זיך בלוט.

מלחמהס, מלחמהס, מלחמהס,
קרבנות, קרבנות, קרבנות,
ס׳איז מיד דער מאלך המות,
און עס טרויערן די אבות:
"וואס וועט זיין דער סוף?"

א גאט!

באשיץ די וועלט, וואס האסט באשאפן,
פון סם, פון פייער, רויב און מארד,
די שיינע וועלט, וואס איז אונדז טייער;
דעם מ ע נ ט ש,
וואס גלויבט אין דיר, מיין גאט,
אין גאט פון אונדזערע אבות,
אין אונדזער איינציקן גאט.

# אין שפּיטאל

**1983**

געבראכט האט מען אן אלטיטשקע,
נאר יידיש זי פארשטייט
געפאלן פון די טרעפן,
דער קאפּ האט זיך פארדרייט.

צוויי קינדער האט די אלטיטשקע,
און קיינער קומט ניט זען,
ווי לעבט די קראנקע מאמע
וואס איז מיט איר געשען.

די טאכטער, אויף וואקאציע
אוועקגעפארן ווייט,
דער זון, ער איז פארנומען,
ער האט קיינמאל קיין צייט.

דער דאקטאר וויל די אלטיטשקע
אוועקשיקן א היים
דער פוס איז איר געשוואלן,
זי קען אליין נישט גיין.

געבליבן איז די אלטיטשקע
דארט ליגן איבער נאכט
ווער וועט איר העלפן מארגן,
אין הויז אויף איר, ווער ווארט?...

איך וואלט באשטראפט די טאכטער,
איך ווינטש דעם "גוטן" זון
עס זאלן זיינע קינדער,
דאס זעלבע מיט אים טאן.

# א גוט ווארט

געווידמעט מ. גערטלער

1984

ס'איז גוט צו הערן א גוט ווארט,
פון דיינע פריינט; פון דא און דארט.
מען דארף ניט שטעכן יעדער איינעם;
קיין נסים איז נישטא ביי קיינעם.

ס'איז גוט צו הערן א גוט ווארט,
ווען דו געפינסט זיך ניט קיין ארט
ווען האסט פארלארן שוין דעם מוט,
ווען ביסט אליין, ס'מאכט פילן גוט.

דו זיי ניט קארג, זאג א גוט ווארט,
ווען איינער איז ביי זיך געפאלן
געפין אין הארץ פאר אים אן ארט,
ווארעם אים אן מיט דיינע שטראלן.

# א שפּיל

א שפּיל איז דאס לעבן, מען קומט און מען גייט,
ווי א קאטארינקע, וואס דרייט זיך און דרייט
עס לויפן די יארן, עס לויפן די טעג
צו גאסט ערשט געקומען און מוזסט שוין אוועק...

די וועלט איז א חלום, א חלום ז'די וועלט,
מען שלאגט זיך, מען פייניקט, מען הרגעט פאר געלט
מען קוילעט איינאנדער, עס דרייט זיך די מיל,
א שפּיל איז דאס לעבן, א נארישער שפּיל...

# צו א פריינד

**1986**

איך האב געזען דיין ליבן פנים ווידער,
פארעלטערט ביסטו, אבער נישט באזארגט.
דיין שמייכל האט דערוואָרעמט אלע גלידער
און מיר א ביסל צוגעגעבן מוט.

איך בין אוועק מיט לייכטע טריט, צופרידן,
וואס כ׳האב געהאט דאס גליק דיך נאך צו זען.
נישט געפילט די לאסט פון גוף, דעם מידן
און גאט געדאנקט, וואס כ׳האב א פריינד, ווי דו.

און ווען עס וויינט דאס הארץ מיט הייסע טרערן,
און מיין פנים שפיגלט אפ מיין פיין,
שיינסטו אין דער פינצטער, ווי א שטערן
און באלייכסט מיין שווערן וואנדער וועג.

# דיין געבורטסטאג

צו א גוטן פריינד

**1983**

דיין געבורטסטאג איז היינט, מלך,
דיר קיין גלייכן איז נישטא
אין געדאנקען און אין הארצ׳ן,
בין איך מיט דיר יעדע שעה.

ס׳האט דיר גאט געבענטשט מיט חכמה,
איידלקייט ליגט אויף דיין פנים
גוטסקייט איז נישט צו באשרייבן,
און דו האסט גאר ניט קיין שונאים.

כ׳ווינטש דיר, מלך, לאנגע יארן
נישט פארלירן אט דעם גלאנץ
ס׳זאלן זיך פון דיר די פריידן,
ליכט און ווארעמקייט ניט שיידן.

דו דערציילסט נישט דיינע ליידן,
דו באקלאגסט זיך נישט קיינמאל
איך באוואונדער דיין זכרון
און דיין מענטשלעכקייט ביז גאר.

דיין געבורטסטאג איז היינט, מלך,
דיר קיין גלייכן איז נישטא
דו באשיינסט מיט דיין געשטאלט
אלעמען: סיי יונג, סיי אלט.

# חשובער פריינד וועבער,

**1983**

די טיר פון ״פארווערטס״איז פאר מיר
געשלאסן,
דערלאזט נישט אויסזינגען מיין ליד
און דאך, זינג איך;
דער פייער איז נאך נישט פארלאשן,
איך שמעלץ דאס הייזן, ווי א שמיד.

איך זינג גאר שטיל, אויף אלע גאסן,
עס קלינגט מיין שטימע נאך גאנץ ווייט
באלד וועלן זינגען גרויסע מאסן,
ס׳וועס קלינגען שטארקער, מיט דער צייט...

ס׳וועט קומען נענטער, טיפער, העכער,
פון ווייטע דערפער אין דער שטאט,
אין נייע הייזער און מיט אלטע דעכער
עס פליען פונקען, העלף מיר גאט!

אויף אלע שפראכן וועט עס קלינגען,
פון קליין ביז גרויס, פון יונג ביז אלט
וועלן דאס יידיש ליד מיין זינגען,
ס׳וועס אויפוועקן, מיט גרויס געשאל.

נישט אייביק וועלן הענגען ״שלעסער״,
מען עפנט שוין פאר מיר די טיר
מיט ווארימקייט, נישט מיט קיין ״מעסער״,
און קלינגען וועט מיין ליד, גלויבט מיר.

# א שטאלצער בוים

**1983**

געשטאנען איז א שטאלצער בוים
פארטראכט אין פעלד אליין.
אזוינע זעט מען נאר אין טרוים,
א פראכט! ווי צארט, ווי שיין.

געוואלט צעברעכן האט דער ווינט
דעם ווונדערבארן בוים.
"וועסט שטאלץ שוין מער נישט זיין אצינד,
דו ציטערסט, לעבסט קוים, קוים."

נאר אויסגעגלייכט זיך האט דער בוים,
געבליבן שטאלץ און שטיל,
די בלעטער פריש און גרין,
ער האט א שטארקן וויל.

און נישט דער רעגן, נישט דער שניי
געקענט האבן אים בויגן,
עס האבן חיות אלערליי
דאס בלוט פון אים געזויגן.

גאנץ איינזאם, אין זיין קאמף אליין,
ווי העלדן טוען תמיד
געבליבן איז דער בוים דארט שטיין,
אויב שטארבן, איז מיט כבוד.



# "מען דארף קענען טרינקען סם און זיך נישט אפּסמ'ען".

(מאריס מאגרע)

**1984**

געטרונקען, געשלונגען האט ער א סך סם,
נאך מער, ווי ס'איז זאלץ אין דעם "יידישן ים".
דאך אפּסמען אים האט קיין מענטש נישט געקענט,
ער פלעגט עס פארדייען דעמזועלבן מאמענט.

עס האבן די שפּינען ארום אים געוועבט
גאר דינינקע פעדים, דערשטיקן געוואלט.
געביסן, געשטאכן און נחת געשעפּט.

עס האט נישט געווירקט נישט קיין סם,
ניט קיין "שטריק",
ארויס מיטן לעבן, געהאט נאך דאס גליק.
ביז היינט, ווו מען קען, גיט מען ווידער
"א פּיק"
ס'פארשווינדן די שפּינען און קומען צוריק.

# עס רעגנט

**1984**

עס האט גערעגנט נעכטן
און עס רעגנט היינט,
עס רעגנט, מיין פריינד.

עס שרעקט מיך ניט דער רעגן,
עס שרעקט מיך ניט דער ווינט
עס שרעקן דיינע אויגן,
ניטא אין זיי קיין גלויבן.

עס שרעקן דיינע ליפּן,
ליפּן - אזוי טרוקן.
עס שרעקן דיינע הענט,
ווי שאטנס אויף די ווענט.
עס שרעקן דיינע טריט,
ווען קומסט א היים צוריק.

נישט זאגסט קיין "גוט מארגן",
און נישט הערסט קיין "גוט יאר".
איך וויל זיך מער ניט זארגן,
ס'קען רעגענען ביז מארגן...

# אומעט

**1983**

אזא אומעט געפאלן ארום,
ס'שוועבן וואלקענדלעך פון אומעטום,
שווארצע וואלקן, ווי צונגען פון פלאמען,
קלייבן זיך צונויף, אלע צוזאמען.

און זיי קומען אלץ נענטער און ברומען,
ווער פארשטייט זייער לשון, דעם שטומען?
נאר דער רעגן, וואס הויבט אן צו גיסן,
און דער בליץ, וואס די שטילקייט צעריסן.

ס'ווערט דער אומעט נאך גרעסער און גרעסער,
ס'שניידט די צווייגן דער ווינט, ווי א מעסער,
ס'קנאקט דער דונער אלץ נענטער, אלץ העכער,
אין די פענסטער, אין די דעכער.

אזא אומעט אין דרויסן ארום,
אויף די גאסן - קיין נפש, אלץ שטום.
ווי דער הימל פארוואלקנט און שווארץ,
איז פארוואלקנט, פאראומערט, מיין הארץ.

# וואס בלייבט פון מענטש?

**1984**

וואס בלייבט פון מענטש?
א בערגעלע
אינגאנצן צוויי ארשין,
באפלאנצט מיט גראז, מיט גרין.

מען שטעלט אוועק א "שטיין",
געשליפן גלאט און ריין
ס'דערמאנט צום לעצטן מאל
דעם נפטרס נאמען.

מען קומט איינמאל אין יאר,
מיט בלימעלעך א פאר
עס פירט זיך דא אזוי,
מיר טוען נאך געניי.

ווי שטיל עס איז ארום,
מען פירט ניט קיין מלחמות,
אלץ שווייגט, און אלץ איז שטום
מען גייט אויף קבר אבות.

א גרויסע, טויטע שטאט,
ארומגערינגלט מיט א פלויט,
וווּ יעדער שטיין האט זיין געשיכטע
א טויטע וועלט, און טויטע ריכטער...

# צו א פריינד

**1986**

ווען איך וועל שטארבן, זאלסט ניט וויינען,
דערמאן די פרילינגטעג, די שיינע
נישט דעם הערבסט, און נישט דעם רעגן,
נישט די ווייטע, שווערע וועגן.

ווען איך וועל שטארבן, זאלסט ניט וויינען,
דערמאן דעם בוים לעם טייך, דעם ריינעם,
פרימארגנס זוניקע און ליבע,
נישט די קאלטע נעכט, די טריבע.

ווען איך וועל שטארבן, זאלסט ניט וויינען,
דערמאן די גוטע טעג, אין איינעם;
דעם בלויען הימל, טרוימען זיסע,
לאנקעס גרינע, וועלדער פרישע

דעם גערוך פון ראזעס ווייסע,
טיף אין הארצן - ליבע הייסע
שטילע קלאנגען פון גזאנגען,
נישט דעם טאג, די זון ז׳פארגאנגען...

ווען איך וועל שטארבן, זאלסט ניט וויינען...



# א בריוו צו דער מאמען

(ערינערונגען פון סיביר)

טייערע מאמע,

לאנגע יארן זע איך דיך און רייד צו דיר אין מיין טרוים. דו האסט מיר אויס־געפעלט כסדר. אין מיין זכרון זיינען פאר־בליבן דיינע ווארעמע הענט און דיין ווונ־דערבארע שטימע. איך האב דיינע הענט געזוכט אין קאלטע, ווינטערנעכט, ניט גע־האט צו וועמען זיך צוצוטוליען, אויסוויי־נען, ווען ס'איז מיר געווען שווער אויפן הארצן.

עס האט מיר געפעלט דיין גלעט, דיין בליק, אפילו דיין געשריי, ווען איך פלעג ניט וועלן עסן יויך מיט לאקשן און זיך "ארייננכאפן" צו דער מומען אויפן צוויטן שטאק נאך א ביסל טשאלענט.

איי, איז דאס געווען געשמאק! דער מומעס פינף קינדער פלעגן זיך א רוק טאן נענטער איינער צום צווייטן, מאכן פאר מיר א פלאץ. איך בין געווען אין זיבעטן הימל...

ווער קען פארגעסן דיינע המונטאשן, די געשמאקע חנוכה לאטקעס. פלעגסט געפינען פאר אלעמען א פאר גראשן חנוכה געלט. דיין לעקאך אויף יום־טוב.

קיינער פלעגט ניט ארייןפלעכטן קיין באנטן אין מיינע לאנגע צעפ, ניט אויפנייען מיר א ניי קליידל אויף פסח, ניט קויפן א פאר נייע שיך. קיין סדר פראוועט מען ניט אין סיביר.

איך האב אזוי ליב געהאט צו הערן, ווי דו זינגסט ביים סדר. דער זיידע פלעגט אנפירן מיטן גאנצן "כאר". מיר, קליינוואַרג, פלעגן אונטערזינגען. אין יעדן ווינקעלע האט געבלישטשעט.

איך פלעג עפענען די טיר, ארייןלאזן אליהו הנביא; זיך צוקוקן, וויפל ווייַן ער טרינקט אויס. ווי גליקלעך בין איך דאן געווען...

קיינער פלעגט ניט אויסווארעמען ווינטער מיין בעט, ניט ארומנעמען מיך פארן שלאף, ניט צודריקן צו זיך. ווער האט געקענט דערציילן מעשהלעך אזוי, ווי דו? זינגען יידישע לידער מיט אזא געפיל, ווי דו? פרעגלען איינגעמאכטס פון פרישע טרוסקאווקעס אויף ווינטער, איבערלאזן מיר א ביסל צו לעקן פון שיסל. דיין פלוימענצימעס און פארפלצימעס און בולבעקוגל און אלערליי מאכלים אויף יום־טוב. אלץ האסטו געקענט.

ניט איינמאל פלעג איך שטיין פארטראכט פרייטיק צו נאכט; זיך דערמאנען, ווי מען גייט פון שול. דער זיידע קומט אריין, עס שמעקט די פרישע חלה, געפילטע פיש אדער געפרעגעלטע פישלעך, און לאנג, לאנג וויינען אין דער שטיל.

פאר וועמען זיך באקלאגן, עס רינען די שיך, מיין מאנטל ווארעמט ניט, דאס ברויט קלעקט ניט, כ׳מוז שווער ארבעטן אויפן שטיקל ברויט. ניטא צו וועמען צו ריידן. ארום - און - ארום שנײ און שטום־לשון...

צו דער חופה האסטו מיך ניט געפירט, קיין חופה קלייד ניט צוגעגרייט. קיינער האט מיך ניט געפירט...

דיינע אייניקלעך האסטו ניט געזען, ניט געהערט, ווי די עלטערע פרעגט: ״ווו איז מיין באבע?״ און ביטער געוויינט: ״איך וויל אויך האבן א באָבע״.

פון קליינוווייז אן פילן דעם ביטערן טעם פון עלנטקייט. איינע בין איך פארבליבן, איינע פון דער גאנצער משפחה. נישטא צו וועמען זיך ״ארײנכאפן״ נאך א ביסל טשאלענט, אפרייסן א פאר גרינע עפל אין דעם פעטערס גארטן. ניטא דאס הויז, ניטא דער גארטן, ניטא דער פעטער מיט זיינע דריי קינדער, ניט פארבליבן קיין זכר פון קיינעם. שווער צו זיין א יתום, טייערע מאמע.

# מיין געבורטסשטאט

איך גלויב, איר האט געהערט וועגן גראדנע. אויב ניט, וועל איך אייך זאגן, ווו עס געפינט זיך. גראדנע ליגט לעם טייך ניעמאן, ניט ווייט פון ביאליסטאק אין מערב, און ניט ווייט פון ווילנע אין מזרח; ארומגערינגלט מיט סאסנאווע וועלדער פול מיט ווייסע שוואמען און געלע שוועמלעך. דארט, אין "לאסאסני" און "פישקי", א פאר מייל פון גראדנע, זיינען געווען קאלאניעס, לאגערן פאר יידישע קינדער.

א גאנץ יאר פלעגט דער וואלד ווארטן אויף די קינדערשע שטימעלעך. זומער זיי מקבל פנים זיין פאר זייער געזאנג מיט פרישע פאזשימקעס, זיסע מאלינעס און שווארצע יאגדעס.

אט אין דער אמאל יידישער שטאט לעם ניעמאן, אין "טשארטקעס געסל", בין איך געבוירן געווארן; געלאפן זיך שפילן צום טייך; ווי אלע קינדער, געבויט שלעסער פון זאמד, ארייגעקוקט דורכן פארקאן, ווי מען טאנצט אין אלע דריי קלובן, וועלכע זיינען געווען לעם ניעמאן. מוזיק האט מען געקענט הערן פאר א מייל.

איצט ווייסט איר שוין, ווו גראדנע געפינט זיך. ווייט, ווייט פון מאנטרעאל. ביי אונדז וואלט מען געזאגט: "אין אמדור א שמעק טאבאק". פארוואס "א שמעק טאבאק", ווייס איך ניט. אמדור איז געווען א קליין שטעטל לעם גראדנע. נאר אמדור? ס'איז געווען א סך יידישע שטעטלעך: סקידל, לוני, סאפאָצקין, אזיאר, לידע, וואלקאווישק, מאלאדיעטשנע, בעראנאוויטש. ווער געדענקט שוין אלע.

"טשארטקעס געסל" האט עס געהייסן ביי אונדז, יידן. די גוים האבן דאס א נאמען געגעבן "בראוואַרנא", ווייל עס איז געווען לעם אונדז א ברויז, ווו מען מאכט ביר און דארט האט געארבעט אונדזער שכנ'ס זון סטאסיעק, גרעבער פון די פעסער מיט ביר.

איך פלעג מיר ברעכן דעם קאָפּ: "וויפל פלעשער ביר גיסט ארײַן סטאסיעק אין זיין בויך יעדן טאג? דער בויך קען נאך, חלילה, פלאצן און פארפלייצן גאנץ "טשארטקעס געסל" מיט ביר.

זיין מאמע איז אויך געווען א גראבע. צו זי האט געטרונקען ביר, ווי איר זון, קען איך אייך ניט זאגן. איר מיטעלסטע טאכטער זאסקא, איז געווען אין מיין מאמעס יארן, גערעדט יידיש בעסער פון מיר. צוואנציק מאל א טאג ארײַנקומען צו דער מאמען מיט אירע באבע־מעשה'ס.

אויב די מאמע איז ניט געווען אין הויז, פלעגט זי זיך רייצן מיט מיר: "ווו באהאלט דיין מאמע דאס געלט? ווייז מיר!" "ניין!" "איך וועל באלד אליין געפינען".

איינמאל קומט זי אריין און זאגט: "זאלסט מיר מער ניט רופן זאסקא, רוף מיר פאני זאסיא. (נאר וואס חתונה געהאט, דער מאן אן אינזשענער, פאסט איר שוין ניט זאסקא).

"וואס ארט דיר?" זאגט די מאמע. "רוף איר ווי זי וויל". אויף מארגן שיקט מיך די מאמע עפעס פרעגן. האב איך דאך א קעצישן קאפ פארגעס איך, ווו איך האלט. קלאפ אן אין טיר, איר מאן עפנט. אויף דעם האב איך זיך גאר ניט געריכט. איך בלייב שטיין, זאג: "גוט מארגן", און ווידער די אלטע געשיכטע: "קען איך ריידן צו זאסקא?" לויפט זי ארויס בייז און שעפטשעט: "וויפל מאל האב איך דיך געבעטן, זאלסט מיר רופן פאני זאסיא, איך וועל דיך דערהארגענען!"

קום איך שוין אנגעבלאזן א היים און דערצייל אלץ דער מאמען. די מאמע לאכט, אלע לאכן, איך לאך אויך.

א מאדנע זאך. פון אלע פיר עקן זיינען מיר געווען ארומגערינגלט מיט קריסטן, ווי אין א געטא. דורך "טשארטקעס געסל" זיינען אנטלאפן די לעצטע פאליאקן און דעם 17־טן סעפטעמבער, 1939, איז אריין די רויטע ארמיי. ווער וואלט זיך געקענט פארשטעלן, אז אין 5 יאר ארום, וועט פון די יידישע הייזער קיין זכר ניט פארבלייבן; בלויז א פוסטער פעלד, ווו דיזעלבע ווארשנצאווא, אולאנאווא און סטעפאנאווא, האבן פארזייט אוגערקעס, פאמידארן, קארטאפל, געמאכט א גארטן, ווי ס'וואלט קיינמאל אויף דער וועלט ניט געווען "טשארטקעס געסל", מיט צענדליקער יידישע הייזער, קראמען און קרעמלעך, מיט א בית־המדרש. אלץ איז פארשווונדן צוזאמען מיט די באלעבאטים. אפילו די סאלדאטסקע באד איז פארבליבן און א פאר יידישע הייזער, (נייע) וואס סטאסיעק'ס ווייב מיט אירע פריינט האבן "אפגעקויפט" ביי יידן. די קריסטלעכע הייזער האט מען ניט אנגערירט.

נאך דער מלחמה בין איך ווידער געקומען קיין גראדנע. דערזען דעם חורבן מיט די אייגענע אויגן, ניט אויסגעהאלטן, געחלשט אויפן ארט פון ווייטיק.

סטאסיעק איז געשטארבן יונג, "געפלאצט", פון טרינקען אזויפיל ביר. זיין עלטערע שוועסטער האט געבאלעבאטעוועט. יאנקע איז ניט ארויס, ניט געקענט מיר קוקן אין די אויגן. זי איז שטענדיק געווען א גרויסע אנטיסעמיטקע, מיטגעארבעט מיט די נאציס.

"ביסט אזוי אויסגעוואקסן, א גאנצע "באַרישניא". קום אריין! ווילסט א טרונק?" פרעגט יאנקעס עלטערע שוועסטער. "א דאנק!"

איך בין ניט אריין צו קיינעם. דערזען ביי ווארשנצאווא אין קיך אויפן וואנט דעם שכנ'ס פידל, די פליגן האבן אויף איר געשפילט און מורא געהאט דערזען עפעס פון אונדזער הויז, בין איך מיט א צעבראכן הארץ אוועק צוריק. מיין באגלייטער סענדער איז געווען אנטוישט.

"זיך אזוי גוט געהאלטן און פלוצלינג, ניטא מיט וועמען צו ריידן. ווען איך ווייס, גיי איך ניט מיט דיר און לאז דיך אויך ניט גיין. האסט מיר דאך צוגעזאגט, וועסט זיך האלטן אין די הענט", טענה'ט ער אויפן וועג.

איך האב זיך אפגעשטעלט ביי סענדערן מיט זיין קוזין. זיך אמאל געלערנט מיט אים אין דערזעלבער שולע. א קליין צימערל מיט א פיצל קיך. מיך אזוי וואַרעם אויפגענומען. אפגעטראַטן דאס אייזערנע בעטל, געלאזט שלאפן, "וויפל איך וויל". גאנץ פרי געבראכט פון מארק א זאק בולבעס,(קארטאפל), אפגעקאכט א פולן טאפ, פארביסן מיט א קאשיק גרינע עפל. איידער איך בין אויפגעשטאנען, געבראכט א פאר עמער וואסער, אנגעווארמט אויפן פרימוס. "פריש זיך אפ, מיר וועלן דיר ניט שטערן". דאס זיינען אונדזערע גראדנער. אליין געליטענע און טיילן זיך מיט דעם לעצטן ביסן.

"בלייב אין גראדנע, וועסט זיך לערנען דא. כ'האב שוין גערעדט מיטן דירעקטאר", זאגט סענדער. "איך קען דא ניט בלייבן, דאס הארץ וויינט"...

אזוי האב איך אין 1947 פארלאזן גראדנע. ניט געפונען קיינעם. ניטא די מומע עלקע מיט אירע פינף קינדער. ניטא דער פעטער זלמן מיט זיינע דריי קינדער, ניטא זיין שוויגער פון אזיאר, וואס פלעגט נאך אליין באקן שווארצע ברויט און בולקעלעך. ניטא זילפע די מילכיקערין, ניטא דער בית־המדרש, דער יידישער קלוב "מכבי" לעם ניעמאן, ניטא די געזונטע יידישע קצבים, די טרעגער, די יידישע באלעגאלעס. פוסט און פאריתומט שטייט די גרעסטע יידישע שול, אלע גאסן און געסעלעך, וואס זיינען מיר געווען אזוי גוט באקאנט, שטייען אין טיפן טרויער.

ניטא מיינע חברטעס: שרהלע ציגעלניצקא, עטקע קאפולסקא, שרהלע בישקאוויטש, פעשקע וואסילעווסקא, שיינקע קאמיאנסקא, די בליונג פון דער גראדנער יוגנט. ניטא דער יונגער דור, ניטא דער אלטער דור, קיינער ניט. אפילו דער ניעמאן איז שוין אויך ניט דערזעלבער טיפער טייך, ווי א מאל. א סך פלאכער געווארן. פארעלטערט קוקט ער אויף מיר: "דערקענסט מיך ניט? פלעגסט א מאל דא שעפן וואסער, זיך באדן זומער אין דער היץ, און שיינע לידער אפט מיר זינגען. צו גאסט געקומען? זיי געגריסט!" "א דאנק, מיין פריינד, איך טרויער היינט נאך מיינע טייערע און ליבע, עס זינגט זיך ניט... כ'מוז דיך פארלאזן, און דיינע שטילע, הויכע גראזן, ווו כ'האב פארבראכט די קינדער יארן."

אלץ איז אוועק; ווייט, ווייט אוועק...



גראָדנע, קלאַס דריי.

# „חלה מיט די פוטער מיט די ווייסע קעז"

גראדנע איז געווען א יידישע שטאָט מיט אירע טראַדיציעס. מען פלעגט לייענען א „גראַדנער מאמענט", שבת נאכן עסן, שפּאַצירן זומער אין פּאַרק, באַזוכן קרובים, זיך צולייגן א ביסל אָפּרוען, כאַפּן א דרימל.

די יוגנט איז אבער קיינמאָל ניט מיד. ס'איז געווען לעבעדיק און פריילעך אין אָוונט לעם ניעמאַן, אומעטום מוזיק.

מיר, קינדער, פלעגן אַריינקוקן ווי מען טאַנצט. עס האָט ניט געהאָלפן וואָס די מאַמע רופט אַהיים: „ס'איז צייט צו גיין שלאָפן." „נאָך א ביסע־לע", פלעגן מיר בעטן, און אויסבעטן...

מיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען, גיין אין אָוונט מיט דער מאַמען זיך באָדן; דאָס וואַסער — ווי אַנגעוואַרעמט. שווימען האָב איך ניט געקענט, עטלעכע מאָל זיך געטרונקען און די מאַמע פלעגט מיר אַליין ניט לאָזן גיין צום טייך. איך פלעג שווימען אויף דער מאַמעס פּלייצע, פעסט אַרומנעמען איר מיט די קליינע הענטלעך, צודריקן זיך צו מיין גוטע מאַמע, און קיין גלייכן איז צו מיר ניט געווען.

א גאַנצן טאָג פלעג איך זיך שפּילן מיט די קינדער ביי אונדז אין הויף. קיין קינדער האָט ביי יידן, חלילה, ניט געפעלט, אין „טשאַרטקעס געסל" אוודאי ניט.

„פאַרוואָס הייסט אונדזער גאַס „טשאַרטקעס געסל?" פרעג איך מיין מאַמע. „ווייל ביינאַכט קריכן פון וואַסער אַרויס די טשאַרטן, (טייוול) טאַנצן אַרום, קוקן אַריין אין אַלע פענצטער, ווער עס שלאָפט ניט, און נעמען צו די שלעכטע קינדער".

קליינערהייט האָב איך טאַקע מורא געהאַט. אין א פינצטערע נאַכט פלעג איך זיך צודעקן מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ זיי זאָלן מיך ניט זען.

כמעט יעדער איינער האָט געהאַט א צונעמעניש אין „טשאַרטקעס געסל". מיך האָט מען גערופן: „טשערוואָני קאַפּטורעק", ווייל די מאַמע פלעגט מיך אָנטאָן נאָר אין רויט: רויטע סאַנדאַלן, א רויט מאַנטעלע מיט א פּאַלערינע, רויטע קליידער. בערעטן רויטע האָב איך געהאַט עטלעכע: אויף שבת, יום־טוב און אויף אַלע טאָג. ווי מיין מאַמע פלעגט זאָגן: „מען זאָל איר ניט געבן קיין עין־הרע", (קיין בייז אויג). איך האָב אפילו געוווּסט, ווער עס גיט א „בייז אויג".

גייענדיק פאַרביי שיינקע דער גראַבערס הויז, פלעגט די מאַמע זאָגן: „בויג זיך אַראָפּ, זי זאָל דיך ניט זען". איך בין דאָך געווען די בת יחידקע.

העניען, מיט איר ברייטער נאז, האט מען א נאמען געגעבן: "בולביטשקע", חנה האט געהייסן: "חנה די בלאסע", ציפע -"ציפקע־דריפקע", הערשל - "דער קאסאקער", "מאטל מיט די קוואס", פייגעלע - "די גראבע פאס", "ציווויע די נבלה", "יאנקעלע דער געלער", "מענדל מיט זיין פענדל", "א געפייגערטער הערינג", "דער לאנגער לאקש", "בלומע די שטומע", "חוה די קרומע", אדער: "חלה מיט די פוטער מיט די ווייסע קעז", האב איך אויסגעטראכט. איך וועל אייך באלד דערציילן פארוואס.

דעם קצב׳ס טאכטער ביילע איז געווען אן אמתע גריל. זי האט קיינעם ניט געלאזט לעבן, אלעמען דערגאנגען די יארן. א גאנצע וואך פלעגט ביילע אינדערפרי עסן חלה מיט פוטער מיט ווייסע קעז. אנשטופן א פולן מויל און רייצן דעם שכנ׳ס קינדער.

אונדזער שכן, א ייד א קבצן, איז געווען צופרידן, ער האט ברויט צו זאט מיט א ביסל קארטאפל פאר זיין גאנצע "כאלאסטרע", זיבן קינדער. ווער פון זיי האט געקענט טרוימען וועגן חלה מיט פוטער, נאך אינמיטן וואך.

מיין מאמע פלעגט צוהעלפן, וויפל זי האט נאר געקענט. איינע איז ניט זיבן. און ווידער רוקט זיך ביילע ארויס אין פענצטער, און ווידער קרימט זי זיך און רייצט דעם שכנ׳ס קינדער. זיי קוקן אויף מיר, אויף זייער "באשיצער": "נו, וואס שווייגסטו? זאג עפעס, ביסט דאך א יאר עלטער".

"מען דארף די ביילע אנלערנען". אויף איין פוס טראכט איך אויס א נאריש לידל, (אליין א קינד) "חלה מיט די פוטער מיט די ווייסע קעז", גיב א קאמאנדע: "איינס, צוויי, דריי, פיר", און אלע קינדער, אין איין קול זינגען אונטער: "אַ־צאַ, אַ־צאַ, צאַ".

פון דעמאלט אן, ווו זי איז געגאנגען, פלעגט מען איר באגלייטן מיט דעמזעלבן ניגון. קיינער האט איר מער ניט גערופן ביילע, נאר: "חלה מיט די פוטער", אדער פשוט: "חלה".

עס האט מיר שוין באנג געטאן, וואס איך האב דאס אויסגעטראכט.

ביילע איז אויסגעוואקסן און פארבליבן א גריל, דיזעלבע "חלה מיט די פוטער מיט די ווייסע קעז".



# מיין באבע

מיין באבע חיענע־ריווע סלוצקי איז געווען א קלוגע, שמעקעדיקע יידענע, אלץ האט אויף איר געבלישטשעט. זי האט געקענט ניט נאר דאווענען, געשריבן א גוטן יידיש, רוסיש און פויליש.

געלעבט האט מיין באבע ביי איר עלטערער טאכטער רחל אין ווילנע. דער פעטער יאסל, א רירעוודיקער יידל, האט געהאט איינעם פון די שענסטע פוטער געשעפטן אויף דייטשישע גאס נר. 20, א גרויסע דירה מיט אלע באקוועמלעכקייטן, מעבל פון ווין, א דינסט אין הויז (איך געדענק נאך איר נאמען, סטעפציא), און אייגענעם אויטאמאביל. צו אלץ איז מיין פעטער געקומען אליין, מיט זיין אייגענער פראצע.

איך פלעג קומען צו דער באבען אויף וואקאציעס. ווי ווייט איז גראדנע פון ווילנע? און דאך, א גרויסער אונטערשייד. דער פולס פון יידישן לעבן האט געקלאפט אין ווילנע שטארקער.

די מומע רחל מיטן פעטער יאסל פלעגן פארנאכט אוועקפארן אויף דאטשע, איך פלעג בלייבן מיט דער באבען אין שטאט, קוקן אין פענצטער ווי די יוגנט שפאצירט ארום. אלע ריידן יידיש, א יידישע וועלט.

פון אלע זייטן — מוזיק, לידער, ביז שפעט אין דער נאכט. ווען וועמען ווילט זיך גיין שלאפן אין אזעלכע ווארעמע, פריילעכע, פול מיט יידישן לעבן, זומערדיקע אוונטן?

די באבע פלעגט איינשלאפן, ניט הערן, ווי איך גיי ארויס אויף די שפיץ פינגער פון שלאפצימער, און ווידער צום אפענעם פענצטער. ווי א מאגנעט האט מיך צוגעצויגן דער הארציקער, יידישער ניגון. עפעס האט

מיר געשעפּטשעט אין אויער: „קוק זיך גוט צו, פאַרגעדענק, פאַרגעס ניט, לאַז גאָר ניט אַדורך".

אַזעלכע ליכטיקע, יידישע פּנימער; שיינע יידישע טעכטער מיט לאַנגע, שוואַרצע צעפּ; די ווילנער בחורים מיט זייערע קלוגע, ברענענדיקע אויגן, פלעגן פאַרפּלייצן די גאַסן. א יידישער שטראָם, א ים פון יידן. איך קען זיך גאָר ניט גלויבן, אַז איך האָב דאָס אַליין געזען. איז דאָס געווען אין דער ווירקלעכקייט, אָדער נאָר א זיסער חלום?

די באָבע גייט מיט מיר שפּאַצירן נעבן שלאָס־באַרג, נעמט מיך דאַנערשטיק אויפן מאַרק איינקויפן, סטעפּציא טראָגט דעם גרויסן, שטרויענעם קאָשיק. יעדן איינעם פלעגט זי מיך פאָרשטעלן: „דאָס איז מיין אייניקל, יאַנקעלעס טאָכטער, מיין יינגסטן זונ׳ס. (זי האָט זייער ליב געהאַט מיין טאַטן, דעם מוזיניק, און פאַרשטייט זיך, איבערגעטראָגן די גאַנצע ליבשאַפט אויף מיר).

אין עלטער פון 83 יאָר פלעגט זי פאַרקאַטשען די אַרבל, זיך אָווּעקשטעלן אין קיך מאַכן געפילטע פיש; „פיס", ווי די ליטוואַקעס זאָגן. עס האָט געשמעקט איבערן גאַנצן הויז. קיינמאָל ניט דערלאָזט סטעפּציא, איין קלייניקייט!!!

פרייטיק צו נאַכט בענטשן ליכט, די גאַנצע משפּחה ביים טיש, דער פעטער מאַכט קידוש, דער באָבעס חלה צעגייט אין מויל. שבת אין דער פרי אָנטאָן איר שוואַרץ זיידן קלייד מיט דינע ווייסע פּאַסעקלעך, א שוואַרצן הוט, נעמען דעם סידור אין האַנט און גיין אין שול דאַווענען. עס איז געווען א פאַרגעניגן צו קוקן, ווי זי קלייבט זיך אין שול. אַלע געשעפטן פאַרמאַכט. מען האָט געפילט אין ווילנע - ביי יידן איז שבת...

ווער קען פאַרגעסן די ווילנער זעמעלעך, די פרישע בייגל מיט טרוקענעם יידישן וווּרשט, אַזוינס האָט איר ערגעץ ניט געגעסן. און דער באָבעס קאָמפּאָט פון קאַרשן, וואָס האָט געהאַט טויזנט טעמען. „שלינג ניט מיט די ביינדלעך, ס׳וועט נאָך אויסוואַקסן א קאַרשן־בוים ביי דיר אין בויך".

איך האָב ליב געהאַט צו טרינקען טיי מיט דער באָבען פון נייעם, עלעקטרישן סאַמאָוואַר, נאַשן א ביסעלע איינגעמאַכטס, א געשמאַק שטיקל שטרודל. די באָבע פלעגט מיך אויספּאַשען פאַרן זומער, ווי א גאַנדז אויף פּסח.

אַלע סודות מיר פאַרטרויען, ווען קיינער איז ניט געווען אין הויז. „דאָס איז דיין פעטער שמעון פון אַמעריקע מיט זיינע קינדער. דאָס איז מאַניעס כלה. זי דאַרף היינט קומען, מאַך זיך ניט ווייסנדיק און גיי ניט אַרויס פון צימער". „געקליבן, געקליבן, און אויסגעקליבן אַזאַ פאַרזעעניש". „שא", זאָגט די באָבע.

נאך מיטאג קומט די כלה, אלע זיצן אין סאלאן, מען רעדט. איך וויל דאך אויך א קוק טאן אויף איר, זאג איך צו דער באבען: "איך מוז גיין, וו דער קעניג גייט צו פוס"...

וואזשנע גיי איך פארביי, באגריס זיך מיט דער כלה, סטעפּציא דערלאנגט צום טיש, די כלה גיט א שמייכל, פרעגט מיך א פּאר נארישע פראגן, איך ענטפער. דערווייל שטעלט מען שוין אוועק לעבן מיר א טעלערל, "קענסט בלייבן מיט אונדז טרינקען טיי". פארוואס ניט? איך בין דאך די "קליינע", מיין נשמה איז אויך ניט קיין ראזשינקע, מיר קומט אויך עפּעס. אלץ איז אדורך גלאט, איך האב דאך צוגעזאגט דער באבען...

אויף מארגן געפין איך א גרויסע באמבאניערע אונטערן קישן און בילעטן אין צירק. אויף דעם האב איך זיך גאר ניט געריכט. "האסט אויסגענומען ביי דער כלה. מיר וועלן גיין בייטאג, פארנאכט לאזט מען ניט קיין קינדער"... כ'האב פארשטאנען...

אומגעריכט איז געקומען צו דער באבען א גאסט, נאך אן אייניקל. עס איז געווארן לעבעדיק. די באבע איז אריין אין איר צימער, ארויסגעטראגן צוויי שיינע, גאלדענע בראשקעס, איינע מיט א גרויסן בלויען שטיין, די צווייטע מיט א שווארצן שטיין און דימענטלעך ארום דעם שטיין. עס האט געריסן די אויגן. זי איז צוגעגאנגען צו מיר: "וועלכע ווילסטו? קלייב דיר אויס". "מיט דעם שווארצן שטיין." "פארוואס?" "ווייל מיין מאמע נייט זיך א שווארץ, זיידן קלייד, וועט דאס פּאסן בעסער". "איך וואלט דיר געגעבן ביידע, נאר איך האב ניט מער, ביסט א גוטע טאכטער. כ'וועל דיר קויפן אן אנדערע מתנה". אזוי איז געווען. מער האב איך מיין באבען שוין ניט געזען...

איך שטיי, ווי פארגליווערט אין פּאנאר, 10 קילאמעטער פון ווילנע, וו מען האט אויסגעשאכטן 100,000 יידן. אהער האט מען געטריבן די אומגליקלעכע אויף זייער לעצטן וועג צום טויט. קוק אויף די אמאליקע, גרויסע שיך און קליינע שיכעלעך, אויף גרויסע שלעסער און קלענערע שליסעלעך, אויף ביינער און ביינדעלעך, דאס אלץ, וואס ס'איז פארבליבן פון די יידן אין ווילנע, פון קינדערשע פיסעלעך. די ערד האט אויף אייביק פארמאכט אירע טירן, פארשלאסן, באגראבן צוזאמען: די קינדער, די טאטעס, די טייערע מאמעס... דא ליגט, צווישן אלע, מיין אלטיטשקע באבע. איך זע זי, זי שטייט פאר מיינע אויגן, ווי היינט. מיטן סידור אין די הענט; ווייס, ווי א טויב, ריין און ציכטיק. אירע ליפן זאגן מיט מיר "מודה אני לפניך" אין דער פרי פארן עסן; אירע הענט מאכן געפילטע פיש אויף שבת און אויף יום-טוב, מיט א גוט ווארט פאר אלעמען, מיט א שמייכל אויף איר בלאסן פּנים. א שטילער מלאך, וואס האט באשיינט די וועלט.

ניין, עס איז ניט קיין חלום, איך האב דאס טאקע געזען. פריש אין זכרון אלץ, וואס איך האב געהערט און געזען אין ווילנע, דעם לעצטן זומער פאר דער שחיטה. אזוי שנעל פארשוווּנדן, אפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד: דאס ווילנער יידנטום, די ליכטיקע, יידישע פּנימער, די אמאליקע באבעס. קיין זכר ניט פארבליבן פון גאנץ "ירושלים ד'ליטע". בלויז ווילדע גראזן, סאסנעס רוישן, דערציילן אויף זייער לשון די טרויעריקע געשיכטע פון ג־טן חורבן. און טויזנטער יידן, פון אלע עקן וועלט באזוכן די קברים, לייגן שווייגנדיק רויטע ראָזעס, באגיסן זיי מיט הייסע טרערן און פרעגן די וועלט: "פארוואס לעבט אזוי לאנג אומבאשטראפט דער ס.ס. מערדער פון ווילנער געטא, פראנץ מורער, און טויזנטער אנדערע פארברעכער?" פארוואס???



**מיין באבע,**
ווילנע 1940

# קאזאכסטאן, סאָווכאָז "טשיסטי טשענדאק", קוסטאנאיסקאיא אָבלאסט.

סוף אויגוסט, 1941, פרי פארטאג, איז דער עשאלאן געבליבן שטיין אין א פעלד. איך בין געווען אין לעצטן וואגאן, אן פענצטער, אין וועלכע מען פלעגט א מאל איבערפירן בהמות אדער גרויסע פארברעכער. א מאנאט צייט אין וועג, קיינער ווייס נישט וווהין מען פירט אונדז.

*"ווילעזאי", שרייט א סאלדאט, "פריבילי." אין עשאלאן זיינען געווען פרויען מיט קינדער, עוואקואירטע פון קיעוו. א געוויינלעכער צוג. דעם לעצטן וואגאן אן פענצטער האט מען צוגעטשעפעט אויפן וועג פאר די "בראדיאגעס" ד.ה. אנטלאפענע פון גהינום פליכטלינגען.

ווער ס'איז געווען שטארקער האט פארנומען א בעסערן פלאץ. קריגערייען און געשרייען ביז שפעט אין דער נאכט. איך בין געזעסן פאררוקט אין א ווינקעלע שטיל, ווי א מויז. געזונטע זשלאבעס, מיט שווערע זעק און הילצערנע וואליזעס, זיינען געזעסן אינמיטן. ווער האט זיך געריכט, אז איך וועל שוין קיינמאל מער נישט זען מיין היים?

א פארמוטשעטע פון אזא לאנגן וועג, בין איך די לעצטע ארויסגעקראכן פון וואגאן. אין האנט — א קליין פעקעלע. "מיט וועמען ביסטו?" "אליין". "ווו איז דיין משפחה?" "זיך פארלארן. זיי זיינען געבליבן דארט". מען האט אונדז אוועקגעפירט אין א באד, ווו עס ווערן דיזענפעקצירט אלע זאכן. "שנעלער, שנעלער, טוט זיך אויס! ס'איז נישטא קיין סך צייט. די מענער גייען באלד ארויס. איילט זיך צו".

פלוצלינג לויפן ארויס נאקעטע מענער, כאפן זייערע זאכן און הויבן אן שנעל זיך אנצוטאן. כ'בין געווען יונג, נאיווו. אין דער היים האב איך דאס נישט געזען. געבליבן שטיין פארשעמט. זיך אויסגעדרייט צום פענצטער, נישט געוווסט, ווו די אויגן אהינצוטאן.

"אלע מוזן גיין אין באד! וואס שטייסטו ווי א ליימענער גולם, מיינסט, מען וועט ווארטן אויף דיר? וועסט נישט גיין קריגסטו נישט קיין עסן און קיין פלאץ, ווו צו שלאפן".

"איך וועל זיך נישט אויסטאן אלעמען אין די אויגן, ביי אונדז גייען נישט קיין מענער מיט קיין פרויען צוזאמען אין באד". אלע האבן זיך צעלאכט. ס'איז געווארן לעבעדיק-פריילעך. שמוציקע רייד, גראבע וויצן. איך בין ארויסגעלאפן, ווי פון א שריפה. וואס טוט מען דא? נישט ווייט פון דער באד איז געווען א טייכל. איך בין צוגעלאפן צום טייך, אריין מיט די זאכן , אונטערן וואסער זיך אויסגעטאן, ארומגעוואשן, אויסגעוואשן מיין קליידל, מיינע וועש, אויסגעדרייט און אנגעטאן



* קריך ארויס, מיר זענען שוין אנגעקומען.

נאסערהייט. דאס וואסער איז נאך געווען זייער קאלט. איך האב צעלאזן מיינע לאנגע צעפּ און אויסגעוואשן דעם קאפּ. אלץ אין איילעניש, קיינער זאל מיך נישט זען.

איך הער: "מו". וואס איז דאס פאר א גאסט? א שווארצע קו איז געשטאנען עטלעכע שריט פון מיר און געטרונקען וואסער. אין איילעניש האב איך נישט באמערקט מיין "שכנה". כ'וויס נישט פארוואס, נאר פון קליינווייז אן האב איך מורא געהאט פאר קי. אפשר ווייל די מאמע האט מיר אלס קינד געלייענט א מעשהלע וועגן א ווילדער קו און אפשר גלאט אזוי. איך בין אנטלאפן פון דער קו, ווו פעפער וואקסט. עס האט זיך ארויסגעוויזן, מיר זענען אויף א פארם. די קי גייען אליין צום טייך טרינקען וואסער, קיין פאסטוך איז נישטא.

איך קום צוריק, די פרויען זיינען שוין ארויס פון באד אוןווארטן אויף זייערע זאכן. איך האב מורא געהאט געבן מיין איין און איינציק קליידל דיזענפעקצירן, עס זאלן זיך חלילה נישט "פארבלאנדזשען" קיין פרעמדע "פאסאזשירן". כ'פלעג זיך וואשן אין וועג אויף די סטאנציעס מיט קאלט וואסער, ווי א קאטשקע. יונג איז יונג. זעענדיק, מען קען מיט "דער ווילדער" גאר נישט מאכן, האבן זיי אדורכגעקוקט מיינע מלבושים, געזוכט "לעבעדיקע סחורה" אין קאפּ אויך. נישט געפונען.

"קענסט גיין עסן". דאס עסן איז באשטאנען פון א שטיקל ברויט מיט א ביסל פאכליאבקע. נאכן עסן זיינען די קיעווער פרויען מיט די קינדער פארבליבן אין "טשיסטי טשענדאק", די "בראדיאגעס" האט מען אוועקגעפירט א 25־30 וויארסט ווייטער, ארבעטן אין פעלד.

צום ערשטן מאל אין מיין לעבן האב איך געזען קאזאכן. אלע אנגעטאן אין געלע קליידער, סיי די מענער, סיי די פרויען. אזיאטישע פנימער, קליינע שמאלע אויגעלער. די פרויען - מיט א סך לאנגע דינע צעפּעלער. אויפן האלדז — זילבערנע קייטן מיט זילבערנע פאלטיניקעס, אמאליק געלט. די מענער מיט ציגנבערדלעך, רויכערן פאוואלע "זאקרוטקעס", שטארקן טאבאק, פארוויקלט אין א שטיקל צייטונג. א פאר קליינע כאטקעס, אן מעבל. אין קיך — א טישל מיט א בענקל, אין צימער — א בעט אדער דאס אויך ניט. אויף דער פאדלאגע — קישנס: גרויס, קלענער קלענער, קליין. ווי א פּיראמידע. אין גאס אויף א דרייפוס קאכט זיך א ביסל פאכליאבקע. אלץ זייער פרימיטיוו, ווי מיט הונדערטער יארן צוריק.

נייגעריק באטראכטן אונדז די קאזאכן און מיר זיי. עס האט זיך מיר געדאכט, איך בלאנדזשע ערגעץ ווייט, ווייט, עק וועלט, ווי אין א חלום. דער בריגאדיר, א יונגער אוקראינער, לאזט אונדז לאנג נישט אריינטראכטן. "ראבאטאטס נאדא", (מען דארף ארבעטן) מאכט דאס שנעלער!"

יעדער האט באקומען א וואטענעם מאטראץ. נישט קיין קישעלע, נישט קיין ליילעך, נישט קיין קאלדרע מיט וואס זיך צוצודעקן.

"איר וועט שלאפן צו צוויי". א פאר באטקעס אינמיטן פעלד, א שרעק. ער פירט מיך אריין אין דער ערשטער באטע. אזא שמוץ האב איך נאך נישט געזען. "דא וועל איך נישט "שלאפן", זאג איך צום בריגאדיר. "פארוואס?" "ס'איז פול מיט פליי און מיט וואנצן". "זע נאר די פריצע. ווילסט ניט, איז נישט. שלאף אויף דער גאס, קיין פאלאצן האב איך פאר אייך ניט צוגעגרייט". "בעסער אויף דער גאס". איך בין ארויסגעלאפן פון דער שמוציקער באטע, אוועקגעלייגט מיין מאטראץ אויפן גראז און "הײדא", ווי ער זאגט, "זא ראבאטו!" (צו דער ארבעט)

נאך א שווערן טאג ארבעט, מיד, בין איך איינגעשלאפן אויף דער פרישער לופט, ווי אין גן־עדן. פרי פארטאג פלעגט דער בריגאדיר אונדז וועקן, ארויספירן אין פעלד, געבן א נארמע, איבערלאזן א ביסל מאסליאנקע, (נישט קיין מילך) איין * לעפיאשקע און גיין צוריק שלאפן. מיר פלעגן הארעווען א גאנצן טאג ביז שפעט. פארנאכט פלעגט ער קומען, פארשרייבן, צו מען האט אויסגעפילט די נארמע. קאנטראלירן האבן מיר נישט געקענט און נישט געוווסט ווי. ער פלעגט גנבנען, אונדז אפנארן אויף שריט און טריט. איינמאל כאפן מיר זיך אויף אינמיטן נאכט פון א גאס רעגן, נעמען די נאסע מאטראצן און בעטן דעם בריגאדיר: "לאז אונדז אריין באטש אין קארידאר. אין גאס איז א מבול". דער בריגאדיר האט געוווינט אין א גרויסער באטע מיט זיין מאמען. ער איז ארויסגעלאפן בייז, ווי א ווילדע חיה.

"מארגן וועט איר די ביסל מאסליאנקע אויך נישט קריגן, איך זאג אייך צו". "לאז אונדז אריין ביז אינדערפרי. מיר ווילן אויסוואשן די פאדלאגע און אויפראמען דיין גאנצע הויז. זע, ווי אויסגעווייקט מיר זענען", בעט איך אים. מיט גראבע רייד האט ער אונדז סוף־כל־סוף אריינגעלאזט אין שמוציקן קארידאר. דאס וואסער האט פון אונדז גערונען, אבער מיר זענען שוין געווען אונטער א דאך.

עטלעכע טעג האט גערעגנט און עטלעכע טעג האט דער בריגאדיר אונדז נישט געגעבן גארנישט צו עסן. "קטא ניע ראבאטאיעט, טאט ניע יעסט." (ווער עס ארבעט ניט, דער עסט ניט.) די מיידלעך האבן ארויסגעריסן א פאר ווייסע צוקראווע בוראקעס, ווען דער בריגאדיר איז אוועק, אפגעווישט מיט א בלעטל און געגעסן שמוציקערהייד. "רייס אויך אויס א בוראק, כל־זמן ער איז נישטא". איך האב מורא געהאט פארן בריגאדיר. "אטדאם פאד סוד", שטענדיק סטראשען מיטן "סוד". וואס קען מען דערוואַרטן פון אזא חברה־מאן?

*לעפיאשקע — א פלעצל

"מיר האבן באשלאסן צו אנטלויפן נאך קוסטאנאי", זאגט איינע פון די מיידלעך. איך בין געווען די יינגסטע, נאיוו, זאג איך: "ווארט נאך צו א ביסל, האט געדולד". "נישטא וואס צו ווארטן. ווילסט ניט, איז נישט". כ'האב אפילו ניט געהערט, ווען זיי זיינען אנטלאפן. שפעטער האט מיר טאקע באנג געטאן, אבער ס'איז שוין געווען צו שפעט.

"היינט ווערסטו קלייבן "פאדסאלנוכי." (זונרויזן) "איך אליין אזא פעלד?" "רייד ווינציקער און טו, וואס מען זאגט דיר." ער איז אוועקגעפארן אין זיין בריטשקע, איך בין געבליבן, ארומגערינגלט פון אלע זייטן מיט "פאדסאלנוכעס". די שארפע, טרוקענע ווארצלען האבן געשטאכן און געשניטן מיינע בארוועסע פיס, ווי מעסערס. גרויסע שווארצע פליגן האבן געביסן, ווי דער בייזער בריגאדיר. הונגעריק, פארוואגלט אזוי ווייט, צווישן פרעמדע, שטיי איך אליין און וויין אויפן גאנצן קול. "פארוואס בין איך ניט אנטלאפן?" אבער זיך געגומען אין די הענט. "עס וועט דיר גאר ניט העלפן. גאט צו דאנקען דער בריגאדיר הערט ניט און זעט ניט." א גאנצע נאכט בין איך נישט געשלאָפן.

פרי פארטאג האב איך איבערגעלאזט דעם אויסגעוויקטן מאטראץ, גענומען מיין פעקל אויף די פלייצעס און געשפאנט בארוועס צוריק קיין "טשיסטי טשענדאק". די ערד אין "טשיסטי טשענדאק" איז זייער פרוכטבאר, "טשארנאזיאם". דער קלימאט ־קאנטינענטאל. איך קום צום פארזיצער פון סאווכאז,(סאוויעטישע ווירטשאפט) דערצייל אים די גאנצע געשיכטע, פרעגט ער מיך: "קענסט וועגן ברויט? מארגן קומען 500 טראקטאר־סטן פון קוסטאנאי. מען דארף זיי געבן עסן. וועסט שטיין און וועגן ברויט. א האלבע קילא א פערזאן. קאכן וועלן די באבעס. ברויט געטרוי איך זיי ניט. האסט פארשטאנען?" "וואס איז דא נישט צו פארשטיין. וועגן איז וועגן. ווייזט מיר נאר די גירעס".

ווידער האט מען מיר געגעבן א פלאץ צו שלאפן ביי אן אוקראאינקע. אין "טשיסטי טשענדאק" זיינען געווען פארשיקטע אוקראאינער, פון די מערב געביטן, פאליאקן, ארמענער און אנדערע. די באלעבאסטע, א פרוי פון א יאר 35־40 האט געוווינט מיט איר מאמען. איין טאכטער, א פאר יאר עלטער פון מיר. איר מאן, אן אגראנאם, האט געדינט אין סעמיפאלאטינסק, נישט אויפן פראנט. די יונגע אוקראאינקע איז געווען א בריגאדיר איבער אלע גערטענער. אין הויז — א פולע טשאשע, פון כל־טוב: קי, חזירים, הינער, געגנדז, קאטשקעס, אינדיקעס. גאנצע זעק מיט אוגערקעס, פאמידארן, קארטאפל, מערן, בוראקעס, ארבוזן, ציבעלע און וואס איר ווילט. די אלטע מאכט ווארעניקעס מיט קעז, טראגט אריין א גאנצן קרוג מיט סמעטענע.

מיין גאט! מען פרעסט, ווי די פערד. וואס עס בלייבט איבער, ווארפט די אלטע ארויס פאר די חזרים. דאס אייניקל — גרעבער פון א חזיר. לערנען האט שוראטשקא קיינמאל נישט געוואלט, שטענדיק געפונען א תירוץ: "דער קאפ טוט מיר וויי, דער האלדז טוט וויי". יעדן טאג עפעס אנדערש. נישט איינמאל פלעגט מיך רייצן דער געררוך פון די פרישע, הייסע ווארעניקעס. איך פלעג זיך באלעקן שטילערהייט. די אלטע האט קיינמאל נישט פארגעשלאגן: "אפשר ווילסטו פארזוכן?" ארויסווארפן. די חזירים האבן אפילו נישט געקענט אזויפיל עסן. איך בין דאך נישט קיין חזיר, וואס פאר א קרוב בין איך מיט דער אלטער? נאך מיך קארמענען מיט ווארעניקעס. כ'בין געווען צופרידן מיט דער צוגעברענטער ביסל זופ. אלע מוזן דען עסן ווארעניקעס מיט קעז? אבי געזונט, מען קען לעבן אן זיי.

איינמאל פרעגט מיך די באלעבאסטע: "ווילסט ארבוזן? כ'קען דיר געבן. דאס יאר איז דא א סך. באצאל, קום אין גארטן און מיינע דזשעווושקי (מיידלעך) וועלן דיר געבן. (אלע זיינען געווען "דזשעווושקי": יונגע און אלטע). נא דיר א בריוועלע." "א דאנק." קאכן פלעגט די אלטע מיר נישט דערלויבן, אפילו איין קארטאפל, אבער ארבוזן דארף מען נישט קאכן, שווייגט זי, די אלטע און בורטשעט ניט. איך קום אין גארטן, ס'איז א גאנצער פעלד. די פויערטעס לייגן מיר אָן א פולן זאק.

"נעם און מאך א פלייצע". "איך קען נישט שלעפן אזויפיל, ס'איז צו שווער". "זע נאר די ניעזשינקע. זאג א דאנק מען גיט דיר . א צווייטע וואלט שוין לאנג פארשווונדן מיטן זאק. א צרה מיט דער קליינער". "לאז איר צו רו", זאגט איינע פון זיי. זי האט אנגעלאדעוועט א גאנצע פור, ארויפגעלייגט "פארן זעלבן געלט" מיינע ארבוזן אויך און "פאיעכאלי", (געפארן) כל-זמן דער קאפ איז אויף די פלייצעס. "באהאלט", שעפטשעט מיר די פויערטע אין אויער אריין. "אלע גנבנען, קיינער וויל נישט שטארבן פון הונגער." איך האב באהאלטן די ארבוזן אונטערן בעט און זיך מחיה געווען. דריי מאל אין טאג עסן ארבוזן. א לאנגע צייט האב איך שפעטער נישט געקענט קוקן אויף זיי, זיך איבערגעגעסן.

ביי דער אלטער אין קיך איז געשטאנען א גרויסער קאסטן מיט גרינע פאמידארן, באשאטן מיט סטרושקעס און צוגעדעקט מיט א דעקל, ביז זיי וועלן ווערן רויט. אין קעלער - א האלבער גארטן. איר טאכטער איז די באלעבאסטע, ווער וועט גיין זיך אויף איר באקלאגן אדער קאנטראלירן? די נאטשאלניקעס האבן וויפל זיי דארפן, זי טיילט זיך מיט זיי. די איבעריקע מעגן אויסגיין פון הונגער, ווער גייט דאס אן? אזוי האט זיך געפירט די ווירטשאפט נישט נאר אין "טשיסטי טשענדאַק".

א פּאָר טעג שפּעטער זיינען געקומען פון קוסטאנאי די טראַקטאַריסטן און גלייך אין סטאַלאָווע. געזונטע מענער מיט רויטע באַקן האָבן זיך אויסגעשטעלט אין א רייע נאָך ברויט. "זשאַלעווע ניט, זאָל געבן א גוטן קלאַפּ מיט דער שאַל", בעטן זיי. דריי טעג בין איך געשטאַנען פון פרי פאַרטאָג ביז שפּעט פאַרנאַכט און געוואויגן ברויט. די וואָג האָט געקלאַפּט, די טראַקטאַריסטן זיינען געווען צופרידן, אָבער די באַלעבאַטים נישט. אויפן דריטן טאָג האָט אויסגעפעלט ברויט. א ביסל איז "פאַרשוואונדן", א ביסל איבערגעוואויגן. מקנה דאַרפט איר מיר ניט זיין. ווידער סטראַשעט מען מיך מיטן "וואָיענאַ פּאַלעוואַי סוד" און ווידער בין איך אויף גרויסע צרות.

"מאָרגן וועסטו גיין אַנלאָדן טראַקס." "טראַקס איז טראַקס." אין דער היים בין איך קיין טרעגער ניט געווען, צו יונג. טאַטע־מאַמע זאָלן מיר הייסן שלעפּן שווערע זעק? אָבער דאָ, א באַפעל איז א באַפעל...

די טראַקטאָרן מיט די קאָמבאַינען אַרבעטן, די טראַקס פאָרן צו, פּויערטעס שיטן דאָס ווייץ מיט גרויסע עמער אין די טראַקס. גאַנצע בערג ווייץ. מען מוז אַרבעטן שנעל, כל־זמן עס רעגנט ניט. "דאַוואַי, דאַוואַי", שרייען די באַאַבעס. ווער קען זיך מיט זיי פאַרגלייכן? איין מאָל טרעף איך, דריי מאָל ניט. קוים, וואָס איך כאַפּ דעם אָטעם. "וועמען האָט איר אונדז געשיקט, וואָס קען מען פון איר פאַרלאַנגען? זי סטאַרעט זיך, אָבער זי האָט נישט קיין כוחות. גיט אונדז א פּאָר געזונטע מענער", בעט א פּויערטע.

"נעם די לאַפּאַטע! וועסט אַרבעטן אין סטאַדאָלע, איבערשיטן דאָס ווייץ פון איין פּלאַץ אויפן צווייטן, עס זאָל נישט פאַרברענט ווערן". ס'איז נישט געווען קיין גרינגע אַרבעט אָבער בעסער ווי אַנלאָדן טראַקס.

די טעג זיינען געוואָרן קירצער, די אָוונטן קילער. אַרום־און־אַרום ווייטע סטעפּעס. קיין וועלדער וואַקסן דאָרט ניט. די באַלעבאַסטע האָט שוין צוגעגרייט קיזיאַקעס, קוילן און האָלץ אויף ווינטער. די איבעריקע איינוווינער פלעגן אונטערצינדן מיט שטרוי. האָלץ איז געווען זייער טייער. און כאָטש דער אַלטער האָט ניט געפעלט מיט וואָס צו הייצן, האָט זי נישט געקענט פאַרטראָגן, פאַרוואָס איך ברענג נישט קיין שטרוי. זי פלעגט פאַרמאַכן די טיר, ווו כ'בין געשלאָפן, קיין ביסעלע וואַרעמקייט זאָל ניט אַריין.

אין די סאַמע גרויסע פרעסט איז די באַלעבאַסטע אוועקגעפאָרן זיך זען מיט איר מאַן. די אַלטע האָט אָנגעהויבן צו בורטשען: "ס'איז נישטאָ מיט וואָס צו הייצן. גיי, ברענג א ביסל שטרוי". "ווו זאָל איך

נעמען? איר האט דאך אזויפיל קוילן, און האלץ. ס׳וועט קלעקן אויף עטלעכע יאר, באבושקא", "נישט דיינע געשעפטן. גיי! אויב ניט, ווארף איך דיך ארויס אויף דער גאס".

אין א פינצטערע, קאלטע נאכט, אליין, בין איך צום ערשטן מאל אין מיין לעבן געגאנגען גנבענען שטרוי אין סאווכאז. (סאוויעטישע ווירטשאפט) די אלטע האט מיר געגעבן א גראבע שטריק, א פאר צעריסענע הענטשקעס און געווארנט: "נעם, קיינער זאל דיך נישט זען און לאז נישט איבער קיין סימן, זיי זאלן נישט קומען צו אונדז זוכן".

אויפן קאפ - א שטיקל ווייסע מארלע, קיין טיכל ניט געהאט. אויף די פיס — א פאר צעריסענע שיך מיט שווארצע זיידענע זאקן, א מתנה פון אן עלטערע קיעווער פרוי. ס׳איז נישט געווען ווו צו קויפן א פאר פראסטע זאקן.

א וועכטער מיט א ביקס פלעגט אפהיטן דעם סאווכאז און די קאפנע שטרוי בייטאג און ביינאכט. אויף איין ארט איז ער נישט געשטאנען, צו קאלט. איך האב זיך צוגעטוליעט צו דער קאפנע, ער זאל מיך נישט באמערקן, אויסגעווארט, און ווען דער אלטער וועכטער איז געווען פון דער צווייטער זייט, האב איך שנעל ארויסגעשלעפט א בינטל שטרוי, פארבונדן מיטן שטריק, אווארף געטאן דאס שטרוי איבער די פלייצעס און מיט די לעצטע כוחות געלאפן צוריק. דער שווייס האט פון מיר גערונען, ווען כ׳בין אריינגעלאפן אין קארידאר. די נאז און די באקן רויט, ווי נאך א הייסער באד.

"אזוי וויניק", בורטשעט די אלטע. איך האב איר גארניט געענטפערט, אריין אין מיין קאלטן צימער, אן ליכט, אן א לעמפל, און זיך קוים דערשלעפט צום בעטל. ס׳איז מיר געווארן זייער הייס. אויף מארגן האב איך נישט געקענט אויפשטיין. קיינער איז ניט אריין און נישט געפרעגט: "וואס איז מיט דיר?" אזוי בין איך געלעגן דריי טעג. אן עסן, צוגעדעקט מיט א דינע, אלטע שמאטע און שטילערהייט געקרעכצט.

אויפן דריטן טאג איז קראנק געווארן דאס אייניקל, זיך א ביסל צוגעקילט. די אלטע האט ארויסגערופן א דאקטאר. ס׳איז געקומען פאלינא מאיסיעיעוונא, א קיעווער, פון זעלבן עשאלאן. זי האט באטראכט דאס אייניקל, געהייסן איר בלייבן א פאר טעג אין דער היים און אלץ וועט זיין אין ארדענונג. ביים ארויסגיין פרעגט פאלינא מאיסיעיעוונא: "ווער איז נאך קראנק ביי אייך?" "קיינער ניט", זאגט די אלטע. "ווער קרעכצט דארט, אין יענעם צימער?" "א, דאס איז א ביעזשענקע, זארג זיך ניט". זי ווייזט דעם דאקטאר ווי ארויסצוגיין, אבער פאלינא מאיסיעיעוונא עפנט די טיר, ווו כ׳בין געלעגן, און בעט דער אלטער ברענגען א לאמפ. איך האב געברענט, ווי פייער. "פארוואס האסטו נישט גערופן קיין דאקטאר?" "כ׳קען זיך נישט רירן."

פאלינא מאיסיעיעווונא האט זיך ניט געקענט בארואיקן. "ווי קען מען אזוי האנדלען? באלד, טייערע. איך וועל שיקן א פערד מיט א שליטן און מען וועט דיך נעמען אין שפיטאל. ס'איז א לונגען־אנצינדונג."

די יידישע דאקטארשע פלעגט מיך באזוכן יעדן טאג, נישט ארויסגעלאזט פון שפיטאל, ביז איך בין נישט געקומען צו זיך. "ווילסט זיך לערנען זיין א קראנקען־שוועסטער? מען ארגאניזירט דא קורסן. איך וועל דיר העלפן. וועסט ארבעטן אין שפיטאל און זיך לערנען. מסכים?" "זאל זיין א קראנקען־שוועסטער. מיין באבע האט שטענדיק געוואלט איך זאל זיין א דאקטאר".

ס'איז געווען א קליינער שפיטאל. אלערליי קראנקע, אפילו קימפעטארנס. נאך אונדז האט מען געבראכט אין "טשיסטי טשענדאק" א גאנצן עשאלאן דייטשן פון ענגעלס נעבן דער וואלגא. איינע פון זיי איז געגאנגען צו קינד. זי איז געווען אין א שווערן צושטאנד און נישט געקענט געלעגן ווערן, בעט מיך די אקושערקע: "גיי, רוף פּאָלינאַ מאָיסיעיעווונאַ".

איך בין געלאפן, ווי דער ווינט. אליין נאך אפגעשוואכט, נאך א שווערע קראנקהייט. ווען ניט די יידישע דאקטארשע, וואלט די דייטשקע פארלארן דאס קינד און אפשר אויך דאס לעבן. נאך אלעמען בעט זי א טרונק. "גיב איר א גלאז וואסער", זאגט די אקושערקע. איך דערלאנג דער דייטשקע דאס גלאז, און אנשטאט א דאנק, גיסט זי מיר דאס גאנצע גלאז וואסער אין פנים אריין. "פון קיין יודע נעם איך נישט קיין וואסער". איך בין געווען אין א שאק. אויף דעם האט זיך מיין מעדיצינישע קאריערע געענדיקט. "געלאפן אייך רופן איר ראטעווען פון טויט, אין אזא קעלט, און נאך אלעמען בין איך "א פארפלוכטע יודע". א דאנק, פאלינא מאיסיעיעווונא. איך וויל ניט זיין קיין קראנקען־שוועסטער, גענוג."

## קאפיטל 2

# איך וואנדער שוין ווידער

נישט אומזיסט זאגן די פאליאקן: "זשיד, וויעטשני טולאטש". (אייביקער וואנדערער) איך וואנדער שוין ווידער. "צוריק צו דער אלטער אוקראינקע גיי איך ניט. זיי מיר געזונט, באבושקא, מיט דיין גרויסע הויז מיט דיין צעבאלעוועטע, פעטע שוראטשקא, מיט דיין גאנצע באלעבאטישקייט. כאטש דו צלמסט זיך צוואנציק מאל אין טאג, באבושקא, האסטו קיין הארץ ניט".

פאלינא מאיסיעיעוונא האט מיר געפונען א פלאץ, ווו דעם קאפ אוועקצולייגן. ס'איז געווען א יונגע, רוסישע פרוי פון סעמיפאלאטינסק, א פארמאצעפט. איר נאמען איז געווען אניא. געוווינט האט אניא אין דעמזעלבן הויז, ווו די אפטייק. באלד האב איך פארשטאנען, פארוואס אניא האט מורא געהאט צו זיין אליין. אינמיטן נאכט פלעגן קומען מארפיניסטן, קלאפן אין טיר אדער אין פענצטער, שרייען, געוואלדעווען, סטראשען און פארלאנגען מארפין.

אמאל פלעגן זיי אוועקגיין און אמאל פלעגט אניא מוזן עפענען די טיר און זיי צופרידנשטעלן. "זעסט, ווי איך לעב, כסדר אין שרעק. מען לאזט מיך ניט פארן א היים, קיינער וויל דא נישט ארבעטן. כ'וואלט אנטלאפן, אבער ווער וויל זיצן אין תפיסה?" "ביסט גערעכט", ענטפער איך איר.

אינדערפרי פלעגט קומען א יונגע "סאלדאטקע" אויפראמען די אפטייק. איר מאן איז געווען אויפן פראנט. געבליבן אליין מיט צוויי קליינע קינדער. "זיי באקאנט", זאגט אניא. "דאס איז טיאָטיאַ דוסיא". א סימפאטישע רוסישע פויערטע, אין אלטע קליידער, שווער געארבעט אויפן שטיקל ברויט. "אלץ פאר די קינדער". א קאלאסאלער אונטערשייד צווישן דעם אגראנאמס ווייב און דער אויסגעהארוועטער, גוטהארציקער "סאלדאטקע". דערזעלבער "טשיסטי טשענדאק" און נישט דערזעלבער...

ווינטער פלעגט דוסיא הייצן דעם אויוון. ס'איז ניט געווען מיט וואס צו הייצן, בעט מיך אניא: "פאר מיט איר אין פעלד נאך שטרוי, איך בין פארנומען, כ'קען נישט איבערלאזן די אפטייק". "אז מען מוז, מוז מען", זאגן די ליטוואקעס.

מען האט מיר געגעבן א לאנגן פעלץ, "טולופ" הייסט דאס ביי זיי, א פערד מיט א שליטן און "היידא, פאיעכאלי". (געפארן) מיט אונדז זענען געפארן נאך עטלעכע פויערים. ס'איז געווען א ביטערע קעלט. אלע האבן שנעל אנגעלאדן זייערע שליטנס און "היידא" צוריק. אונדזער

פערד איז געווארן ווילד. עס דרייט מיטן קאפ, שפרינגט אונטער אויף די הינטערשטע פיס, יארזשעט, און לאזט זיך ניט איינשפאנען. דוסיא גיט אים א פאר שמיץ מיטן בייטש, ווערט דאס פערד נאך ווילדער און בייסט. דער לעצטער מוזשיק קלייבט זיך שוין אויך אין וועג אריין. הויב איך אן צו שרייען: "עי, עי, פאזשאלויסטא פאמאגיטיע, לאשאד קוסאעטסיא". (העלף אונדז, דאס פערד בייסט זיך) דער פויער מיינט איך מאך א שפאס, זאגט ער: "זע נאר, צוויי באַבעס קענען זיך נישט קיין עצה געבן מיט איין פערד. פאשעוויעלעוואיטיעס, (רירט זיך) איר וועט פארזאמען אויף וועטשערע". ער האט א שמיץ געטאן זיין פערד און פארשוווּנדן.

"לאמיר פרובירן מיט גוטן", זאג איך צו דוסיא. "שלאג נישט דאס פערד. עס טוט אים אויך וויי".

איך שטיי און רייד צום פערד: "זעסט, קיינער איז שוין ניטא. עס ווערט פינצטער, מען ווארט אויף אונדז. אפשר איז דיר צו שווער שלעפן דאס שטרוי און נאך צוויי "באַבעס" אין גרויסע, לאנגע פעלצן, וועלן מיר גיין צו פוס. איך קען אלץ איינס ניט ארויפקריכן אזוי הויך. כ'וועל אונטער־שטופן דעם שליטן, וועט דיר זיין גרינגער. נו, פערדעלע, מסכים?" עס הויבט זיך ניט אן. רייד צו דער וואנט.

"אי, אי, אי, ווי שעמסטו זיך ניט בייסן א פרוי? ביסט דאך א קלוגער פערד, נישט קיין נארישע קליאטשע. א פערד א חכם, נו? וויפל קען מען זיך בייזערן? לאמיר זיך איבערבעטן". אן עקשן א פערד, בשום אופן ניט. "פארשטייסט נישט קיין יידיש? רייד איך דאך רוסיש, נישט קיין טערקיש. טערקיש פארשטיי איך אליין ניט".

א! מיין יידיש פאלק! אין וועלכן לאנד האסטו נישט צוגעלייגט א האנט אדער א פינגער, נישט געהאלפן עס בויען, ענטוויקלען, מיט ראט און טאט, און צום סוף פלעגט מען דיר ווייזן א פלייצע. נישט שטענדיק פלעגסטו זיך קענען אויסקויפן פאר געלט. געבויט פיראמידן, געהאנדלט, געוואנדלט, געברענט אויף די שייטערס, פארשפארט אין די געטאס, כסדר געוואנדערט, און ווידער געאקערט און ווידער געבויט. כ'ווייס נישט צו פאר אונדז זענען אין "טשיסטי טשענדאק" געווען יידן. אויב ניט, וועט אויף זייער חלק ארבעט קלעקן און צרות אויך...

איך הער ערגעץ ווייט, ווייט, א געוויין, ווי ס'וואלט געפישטשעט א קליין קינד. "דוסיא", זאג איך. "פון וואנען האט זיך דא גענומען א קינד אין אזא קעלט?" דוסיא הערט זיך צו און הויבט אן צו וויינען: "ווי איז מיר, דאס זענען וועלף, הונגעריקע וועלף. זיי רינגלען אונדז ארום. מיינע קינדער וועלן בלייבן יתומים, אן א טאטן און אן א מאמען", זי פרובירט נאך א מאל איינשפאנען דאס פערד, דיזעלבע געשיכטע. דאס פערד לאזט זיך ניט און בייסט.

״גיי א היים״, זאג איך. ״איך וועל בלייבן מיטן פערד״. איבערלאזן א פערד אין פעלד. גאט זאל אייך אפּהיטן. א פערד איז געווען וויכטיקער פון דעם מענטש אין סאוווכאז. (סאוויעטישע ווירטשאפט) מענטשן פעלט ניט, מען וועט שיקן אנדערע, אבער א פערד...

״איך בין אליין, דו האסט צוויי קינדער״. ״ניין !״ זאגט דוסיא. ״איך וועל דיך נישט איבערלאזן אין סטעפּ, ביסט אויך א מאמעס קינד״.

פֿון ווייטן זעט מען שוין די וועלף. ״לאמיר מאכן א פייער״, שרייט דוסיא. ״שטרוי וועט מארגן זיין פרישע, דער קאמביין שטייט נאך דא. העלף מיר צו!״

מיר האבן ארויסגעשלעפּט א גאנצן בארג שטרוי, אונטערגעלייגט א שוועבעלע, איין סעקונדע און דאס שטרוי ברענט. מיר שיטן כסדר צו מער און מער, די וועלף זאלן מורא האבן. ״באָזשע מאָי, באָזשע מאָי, גאט מיינער, גאט, העלף אונדז״, בעט דוסיא.

אניא זעט מיר זענען נישטא, נאך אלץ ניט געקומען, האט זי געמאכט א טומל: ״פארוואס האט איר זיי איבערגעלאזט אין סטעפּ, מוזשיקי, צוויי פרויען אליין. שעמען מעגט איר זיך. מען מוז שוין פארן זיי זוכן״, שרייט אניא.

מענער מיט פאקעלן, אויף פערד, זענען ארויסגעפארן אונדז אנטקעגן. דערזען א סך פאקעלן, זענען די וועלף פארשוואונדן. ״א דאנק דיר, גאט״, זאגט דוסיא, ״קוים ארויס מיטן לעבן״.

א שיינקייט פון א פראסטער פויערטע. נישט איבערגעלאזט מיך אליין אין סטעפּ, געבליבן מיט מיר.

אין איין אוונט איז אוועק דער גאנצער שליטן שטרוי. מיר האבן זיך א ביסל דערוואַרעמט און איינגעשלאפן ווי קליינע קינדער.

א פּאר וואכן שפּעטער קריג איך א בריוו פון סיביר: ״קום צו אונדז, קיין ארבעט פעלט דא אויך ניט. מיר האבן שוין פארענדיקט די פאכשולע און ארבעטן אין א פאבריק, ווו מען מאכט האנט־גראנאטן. גערעדט וועגן דיר מיט דעם הויפּט אינזשיניער, ער איז מסכים״.

איך האב זיך געזעגנט מיט פּאלינא מאיסיעיעוונא, מיט אניא, מיט דער גוטהארציקער סאלדאטקע־דוסיא, געקויפט א בילעט און זיי מיר געזונט ״טשיסטי טשענדאק״. אבער מיטן בילעט האט מען מיך נישט אריינגעלאזט אין וואגאן. ״וואָדקא יעסט? טאַבאַק יעסט?״ ״ניעטו״, ״מיעסטא טאזשע ניעט״. ״האסט וואדקא? האסט טאבאק?״ ״ניין״. ״קיין פּלאץ איז אויך נישטא״.

ספעקוליאנטן פלעגן פארן האנדלען אהין, אהער, אן בילעטן. "אונטערשטופן" א פלאש וואדקא, טאבאק, א פאר רובל, פלעגט מען זיי ארײנלאזן אין וואגאן אן א בילעט און אלץ איז געווען "כשר". איך מיטן בילעט בין געווען טריף. די באן הויבט זיך אן צו רירן פון ארט. איך שטיי אויף דער פלאטפארמע און ווייס נישט, וואס צו טאן. "פריגאי"! "שפרינג ארויף!" שרייט א יונגע פויערטע. איך האב זיך אנגעכאפט שנעל פאר די הענטלעך פון לעצטן וואגאן, א שפרונג געטאן אויפן ערשטן טרעפל, און איך פאר שוין אויך. דאס קליינע פעקל האלט איך אין דער לינקער האנט. די באן הויבט אן צו פארן שנעלער, דער קאפ דרייט זיך, ווי א קארוסעל, עס שווינדלט מיר אין די אויגן, נאך א ביסל און איך וועל פליען... אבער אין דעמזעלבן מאמענט כאפט מיך אימיצער אן פארן קאלנער און שלעפט מיך אריין אין וואגאן, כ'האב אפילו נישט באמערקט ווער.

"אויך מיר א העלד". אלע זענען ארויס א קוק טאָן אויפן "העלד". איך בין געשטאנען לעם טואלעט, פארשעמט, קיין פלאץ אין וואגאן איז נישט געווען. דער קאנדוקטאר קומט: "וואַשי בילעטי", "אײערע בילעטן". מען דרייט זיך אהין, אהער. מער ווי א האלבער וואגאן האט נישט קיין בילעטן. "בילעט", ווענדעט זיך דער קאנדוקטאר צו מיר. איך ווייז אים מיין בילעט. אלע וואונדערן זיך. "זע נאר, זי האט טאקע א בילעט". "וואסזשע שטייסטו דא?" פרעגט דער קאנדוקטאר. "גיי אריין אין וואגאן. אנו, "זאיצי", (פאסאזשירן אן בילעטן האט מען גערופן "זאיצי", העזער הייסט דאס) מאכט איר א פלאץ"! די "האזן" האבן זיך א רוק געטאן, געמאכט פאר מיר א פלאץ און מיט גרויסע שוועריקייטן בין איך געקומען קיין סיביר.

אויף מארגן, גאנץ פרי, בין איך שוין ביים הויפט אינזשיניער. ער קוקט מיך אן און זאגט: "אזעלכע ווי דו דארפן זיך נאך לערנען, גיין אין די שולע. וואס קען מען טאן? ס'איז א מלחמה. די מענער זענען אויפן פראנט. באלד וועט זיך ענדיקן די מלחמה, וועסטו ווידער גיין זיך לערנען. האסט א מאל געארבעט אין א פאבריק? ווייסט מיט וואס מען עסט דאס?" "ניין, כ'וועל זיך אויסלערנען." ביסט נאך צו יונג, פארשטייסט נאך גאר ניט. כ'וועל דיך שיקן ארבעטן אין א טעכנישע לאבאראטאריע. דארט פרובירט מען אויס אלע טיילן. א גרינגע ארבעט, ס'איזווארעם און וועסט באקומען דעמזעלבן פאיאק ברויט, ווי דײנע פריינט". ער האט געהאט רחמנות אויף מיר. זאג א דאנק, זיי צופרידן. ניין. "כ'וויל ארבעטן, ווו אלע". אזוי לאנג אים דערגאנגען די יארן, ביז ער איז געווארן בייז. "גיי, וועסט חרטה האבן. צוריק אין די לאבאראטאריע שיק איך דיך ניט מער". ער איז געווען גערעכט. א גרויסער אונטערשייד, זייער א גרויסער...

אין צעך האבן געארבעט א סך פרויען און יינגווארג, קינדער צו 13 יאר, אלץ פארן שטיקל ברויט. ס'איז געווען זייער קאלט. די פענצטער צעבראכן, פארשטאפט מיט שמאטעס אדער מיט פאפיר. אין מיטן — אן אייזערנער אויוון, ווו מיר פלעגן זיך א ביסל דערוואַרעמען נאכן עסן. געארבעט צו 12 שעה, 6 טעג א וואך. פון 8 אינדערפרי ביז 8 פארנאכט און פון 8 פארנאכט ביז 8 אינדערפרי. סוף מאנאט נאך מער, געמוזט אויספילן דעם פלאן, מאכן די נארמע.

ביינאכט נאכן עסן, פלעגן מיר לעם אויוון זיך טיילן מיט די נייעס. קיין גוטע נייעס איז נישט געווען. די פרויען פלעגן זינגען אומעטיקע לידער, אפט וויינען. די מענער אומגעקומען אויפן פראנט. מיר פלעגן טרייסטן איינער דעם צווייטן. און כאטש עס איז געווען זייער א שווערע צייט, דערמאן איך א סך פון די פשוטע, געליטענע רוסישע פרויען מיט ווארעמקייט.

ווידער געוווינט ביי אן אלטיטשקער. יעדן טאג איר ברענגען פון ברונעם א 10 עמער וואסער און די אלטע פלעגט מיר אנווארעמען א גרויסן טשוגון זיך ארומצוואשן נאך דער ארבעט. אין א קליינע קיכעלע איז געשטאנען א טישל, צוויי בענקלעך און א שמאל אייזערנע בעטל מיט א שטרויענעם מאטראץ, ווו מיר זענען געשלאפן זאלבע-צווייט. אין הויז איז געווען זייער ריין. דער עלטערער זון מיט זיין ווייב און צוויי קינדער זענען געשלאפן אין צימער. די אלטע מיטן יינגערן זון — אויפן אויוון; מיר, צוויי מיידלעך, — אויפן בעטל. שפעטער האט מען אונדז געגעבן א קליין צימערל אן באהייצונג, "פינף קעץ אין איין זאק", פלעגן מיר גיין אין וואלד קלייבן צווייגן.

אין סיעווערסק איז קיין אוונט שולע ניט געווען. אין יענער צייט פלעגט מען נישט קענען אוועקגיין פון דער ארבעט פרייוויליק, נאר זיך לערנען. לאמיר פרובירן. דער קאפ ארבעט נאך. איך בין אוועק צו פוס קיין סווערדלאווסק און מיט גאטס הילף, געווארן אויפגענומען אין א טעכנישע שולע. (אין מאטעמאטיק בין איך זייער גוט).

"וואס דארפסטו די טעכנישע שולע? סטודענטן באקומען 400 גראם ברויט. מען קען אויסציען די פיס", זאגט מיין פריינדינע. "כ'וועל דיר העלפן קריגן ארבעט אין א פאבריק, ווו מען מאכט טיילן פאר עראפלאנען. נאך דער ארבעט קענסטו זיך לערנען אין אן אוונט שולע און דארט וועסטו זען". אזוי איז געווען.

מען האט מיך ארייגעפירט אין א צימער, ווו עס זענען געשלאפן 40 מיידלעך. צווייגארנדיקע, הילצערנע נארעס מיט שטרויענע מאטראצן. "אויפן צווייטן שטאק וויל איך ניט". "פארוואס?" "כ'וועל

אראפפאלן״, ענטפער איך נאאיוו. ״לאזט איר שוין שלאפן אויף די ערשטע נארע״, בעט מיין פריינדינע.

נאך א קורצער צייט, אלס אן אויסצייכענונג פאר מיין גוטער ארבעט, האט מען מיר געגעבן א בעסערן פלאץ צו שלאפן. אין דעם צימער זענען געשטאנען 17 אייזערנע בעטלעך, און וואנצן, ריין, זויבער, נישט אזא טומל, ווי אין ערשטן צימער. כ׳פלעג שוין קענען עפעס לערנען. שלאפן 3 שעה, נישט מער. בייטאג פלעג איך ארבעטן 12 שעה, ביינאכט — 8, כדי נישט אדורכלאזן די שולע. פארשטייט זיך, פארדינט א סך ווינציקער. הונגערן בין איך שוין געוווינט.

א נייע וועלט האט מיך ארומגערינגלט - א וועלט פון וויסן, און דאס איז געווען די קאמפענסאציע פאר אלע שוועריקייטן.

## קאפיטל 3

# ליודא-ליודקא

ליודא-ליודקא. ווי היינט שטייט זי פאר מיינע אויגן. א בלאס רוסיש מיידל, נישט צו הויך, אין א שווארצן שינעל, ווי ס׳פלעגן טראגן די שילער פון דער פאכשולע. שטענדיק אין ״ביזנעס״. קויפן, פארקויפן אויפן שווארצן מארק און מאכן פראפיט. ליודא האט זיך נישט געוואלט לערנען. נאך דער ארבעט פלעגט זי האנדלען, געווען א גוטע סוחר׳טע. לאמיר זאגן, אימיצער איז, נישט פאר אייך געדאכט, קראנק געווארן און דארף א ביסל מילך. וועמען בעט מען? ליודא. פאר א ״פאר גראשן״ פלעגט ליודא אייך מיט אלץ באזארגן. א ליטער מילך אויפן שווארצן מארק האט געקאסט 100 רובל, א קילא קארטאפל - 70 רובל, א ברויט - 350-400 רובל, א מאנאט ארבעט. א שטיקל פראסטע זייף — דאסזעלבע געלט, ווי א ברויט.

הונגעריק איז ליודא קיינמאל ניט געווען. איר בעטל איז געשטאנען לעם מיין בעטל, איין נאכט-טישל פארביידע. פאקטיש פלעגט ליודא פארנעמען דאס גאנצע פלאץ.

ליודא פלעגט פארברענגען נאר מיט יונגע אפיצירן. ״כ׳האב ליב שליפעס״, פלעגט זאגן ליודקא. קיין מענער האט מען נישט ארייגעלאזט צו די מיידלעך אין צימער, אבער אייניקע פלעגן זיך ״ארייכאפן״ אויף א פאר מינוט, ״דורכשמוגלען״. אזוי אויך ליודאס קאוואליר.

איך קום ארום 12 א זייגער ביינאכט פון דער שולע, ליודאס אפיציר זיצט אין זיין שמוציקער סאלדאטסקער שינעל אויף מיין בעטל. כ׳האב נאר וואס פארקויפט א גאנצן לעבל ברויט פאר א שטיקל זייף, כדי צו שלאפן ווי א מענטש און דער זיצט זיך רואיק, ווי א באלעבאס און לייגט נאך אוועק די שמוציקע פיס מיט די שטיוול אויפן בעט. לאנג נישט געטראכט, גיי איך צו צום גראבן פאניע און פרעג: ״ווער האט דיר דערלויבט זיך זעצן אויף מיין בעט? איך האב דיך נישט איינגעלאדן. זיי אזוי גוט, הויב זיך אויף און מער זאל איך דיך דא ניט זען.״

״וואס האסטו זיך אזוי צעשריען?״ פרעגט ליודא. ״דיין גאסט, זעץ אים אויף דיין בעט. ווילסט האבן א ריינעם געלעגער, פארקויף דיין פארציע ברויט ווי איך, ביסט דאך א סוחר׳טע. קויף א שטיקל זייף, לייג צו א האנט, ועסטו אויך האבן א ריינעם געלעגער״. די איבעריקע קוקן און שווייגן, קיינער מישט זיך ניט אריין. דער געזונטער זשלאב הויבט זיך פאוואלע אויף און זעצט זיך אנטקעגן.

״ס׳איז שוין 12 ביינאכט איך וויל שלאפן״. ״ווער לאזט דיר ניט?״ ״דו! איך דארף זיך אויסטאן און דו שטערסט מיר״.״ער זיצט שוין אויף מיין בעט, וואס נאך ווילסטו?״ זאגט ליודא. ״מענער האבן נישט קיין רעכט צו זיצן אזוי שפעט ביי אונדז אין צימער. גיי מיט אים ווו דו ווילסט, באטש אויף א גאנצע נאכט״. אנדערש האט מען מיט ליודקא נישט געקענט ריידן, זי האט נישט פארשטאנען קיין ״דעליקאטע״ רייד...

דער הויכער זשלאב איז שווייגנד ארויס פון צימער, ליודקא נאך אים. ווי נאר ער האט פארמאכט די טיר, האבן זיך די מיידלעך אזוי צעלאכט, מען קען זיי נישט בארואיקן. א האלבע נאכט זיך געוויצלט, נישט געשלאפן. ״מיר זענען געווען זיכער, ער וועט דיר געבן א פאר גוטע קלעפ, וועסטו האבן צו געדענקען״. ״פארוואס קומט מיר קלעפ? וואס פאר א באלעבאסטע איז ליודא אויף מיין בעטל? איך צאל דיזעלבע דירה געלט״, ענטפער איך זיי. ״ער איז דאך א גרויסער כוליגאן, אלע ציטערן פאר אים.״ ״ציטערט געזונטערהייד, איך וויל שלאפן א מאל אין נאווינע. א גוטע נאכט.״ כ׳האב אויסגעלאשן דאס ליכט און ס׳איז געווארן שטיל.

ענדע אפריל, 1945, האט ליודקא אלעמען באגנבעט, צוגענומען דאס געלט פון אונטער מיין מאטראץ (געקליבן דריי יאר אויף א מאנטל) און אנטלאפן. די פאליס האט איר געזוכט אומעטום, נישט געפונען. זי איז פארשוואונדן, ווי א שטיין אין וואסער.

## קאפיטל 4

# אוראל

מיט אוראל איז פארבונדן מיין יוגנט. דארט האב איך שווער געארבעט, געהונגערט זיבן יאר, ניט געהאט וואס אנצוטאן. געפרוירן אין די דאַרמאטאריס, ווו דאס וואסער פלעגט פארפרוירן ווערן אין די עמער. שטשורעס פלעגן ארומשפאצירן ביינאכט אין קאלטן צימער אָן מורא, זוכנדיק וואס צו עסן. און דאך דערמאן איך אפט אוראל. דארט האב איך געלערנט, געטראפן וווּנדערבארע מענטשן, גראדנער: די שוווס, די סאסאנס. ביידע דאקטוירים. ווער האט אין סווערדלאווסק ניט געקענט דאקטאר סאסאן? פעטרושאנסקאיא, א געלערנטע פרוי, געארבעט אין מעדיצינישן אינסטיטוט, א ביאכעמיק, דר. סאסאנס שוועסטער. דער אלטער טראפ — דירעקטאר פון דער גרעסטער באנק. דריי זין, אלע גרויסע געלערנטע, און אנדערע. איך בין געווען שטאלץ מיט מיינע לאנדסלייט. זיי האבן מיר צוגעגעבן מוט צו שטודירן, אנגעווארעמט, געהאלפן מיר ווערן א מענטש.

דארט האב איך געהערט די בעסטע אפערא־זינגער. פארקויפן מיין פארציע ברויט פאר א בילעט אין טעאטער. איך האב געזען די בעסטע באלערינאס פון יענער צייט: אולאַנאָוואַ, סיעמיאָנאָוואַ, לעפעשינסקאַיאַ, מאַיאַ פליסיעטסקאַיאַ און אנדערע. באזוכט קאנצערטן פון בארימטע מוזיקער, וועלכע פלעגן זייער אפט ארויסטרעטן אין סווערדלאווסק. די טעאטער — שטענדיק געפאקט. אויף א געוויסע צייט פלעגט מען פארגעסן אלע צרות. דער פראנט איז געווען ווייט פון סווערדלאווסק.

עפעס א ווילדע שיינקייט, א צוציענדע קראפט, האט אוראל. געדיכטע סאסנע־ און געמישטע וועלדער, פול מיט יאגדעס און ווייסע שוואמען. א סך פאבריקן, ווו מען בויט מאשינען, טורבינען, געווער. אוראל איז רייך מיט אייזן, קופער, גאלד און פארשיקטע. די מענטשן זיינען זייער פריינדלעך, מען טיילט זיך מיטן לעצטן ביסן. סווערדלאווסק איז דאס הארץ פון אוראל, די קוזניע, ווו דער פולס פון ארבעטער קלאס קלאפט זייער שטארק. פרעכטיקע טעאטער, אוניווערסיטעטן, אינסטיטוטן, פאכשולן, ביבליאטעקן. פארשידענע נאציאנאליטעטן לעבן אין סווערדלאווסק.

יעדן זונטיק פלעג איך גיין אין טעאטער אדער צו א קאנצערט. באזוכן מוזעען, אויסשטעלונגען. יארן שטודירט אין דער גרעסטער ביבליאטעק, וואס טראגט דעם נאמען: "ביעלינסקי". געטראפן

אינטערעסאנטע מענטשן. געסט פון אויסלאנד פלעגן באזוכן אונדזער פאקולטעט. איך האב זיך געלערנט ביי די בעסטע לערער און ס'איז געווען, וואס ביי זיי צו לערנען. אין סוויערדלאווסק האבן זיך געעפנט מיינע אויגן. דארט האב איך געהערט צום ערשטן מאל די אָפּערא: "קארמען", אנגעהויבן צו פארשטיין די קראפט פון קונסט, די שיינקייט פון דער נאטור, די ווארעמקייט פון קאלירן. ארייינגעאטעמט דעם זיסן אראמאט פון די ווילדע בלומען און גראזן, און דעם שטויב פון די וועגן. זיך אפגעגאסן מיט שווייס זומער אין דער פאבריק, ווינטער געראמט די וועגן. אין זאוויערוכעס, נאך 12 שעה ארבעט און מער. זיך געוואלגערט אין די קאלכאזן, (קאלעקטיווע ווירטשאפט) געשלאפן 3-4 שעה און ווידער געארבעט טאג און נאכט, געלערנט. אויך דא, פארוואגלט אין די אוראלער בערג, מיטגעבראכט דאס "פעקעלע" יידישע מאראל ווי זיך צו פירן. ניט פארשעמט מיין נאמען, ניט פארשעמט מיין פאלק. די בעסטע יארן מיינע זיינען פארבונדן מיט אוראל. דאס קען מען ניט פארגעסן.



**אוראל. 1946**

# לערער זאקס

אין קלאס איז אריין א בלאסער, נידעריקער מאן פון א יאר 35. זייער קורצזיכטיק, מיט א פּאר גרויסע ברילן, וועלכע האבן פּארדעקט א האלבן פּנים. "דאס איז לערער זאקס", זאגט דינה, מיין פריינדינע, אויך א יידיש מיידל. "זייער א גוטער לערער, א ייד. ער וועט אונדז לערנען א קורס פון דייטשישער ליטעראטור".

לערער זאקס האט געארבעט סטאביל אין אוניווערסיטעט, וואס טראגט דעם נאמען פון גרויסן רוסישן שרייבער מאקסים גארקי. א לערער אן א דאקטאראט פּארדינט זייער ווייניק אין אוניווערסיטעט, פלעגט ער צופארדינען אין אנדערע אינסטיטוטן.

לערער זאקס איז געווען באליבט ביי אלע סטודענטן. גערעדט א ביסל "אונטערן צונג", אבער דער חסרון האט אים ניט געשאט. מיר זיינען געזעסן, ווי פארכישופט, מורא געהאט אדורכצולאזן אווארט. פּערל האבן זיך געשאטן ביי אים פון מויל. איך פלעגווארטן אויף לערער זאקס לעקציעס מיט אומגעדולד, דאס איז געווען מיין גרעסטער פארגעניגן. זאקס האט געהאט א זעלטענע צוציאונגסקראפט. אפילו דער דעפעקט אין זיין שפּראך איז אונדז געווען ליב.

"לייענען אויטאמאטיש א בוך איז ניט גענוג, יעדער מענטש לייענט ביכער". ער האט אונדז געלערנט אנאליזירן, זיך אריינטראכטן אין דעם, וואס מיר לייענען, פארשטיין די סיטואציע, אין וועלכער דער שרייבער פלעגט שאפן זיינע ווערק. קיינמאל זיך ניט בייזערן, אויסהערן אפילו א "דובינע", "א דעמבענע קאפּ." וואס איז דער קאפּ שולדיק, וואס ער איז פון דעמב? ווי ביי וועמען. ס'איז אלערליי קעפּ אויף דער וועלט: קלוגע קעפּ, נארישע קעפּ, ליימענע קעפּ און אייזערנע קעפּ; פארשטאפּטע קעפּ און אפענע קעפּ; פּוסטע קעפּ, קלארע קעפּ, גרויסע קעפּ און קליינע "קעפּעלעך."

לערער זאקס איז געווען א גרויסער מבין אויף קעפּ, אויף אלערליי קעפּ: קעלבערנע, רינדערנע און וועלכע איר ווילט. א ייד א חכם, מיט א גוטן חוש פאר הומאר.

געוווינט האט לערער זאקס מיט זיין פרוי און פיר קינדער אין איין קליין צימערל. ס'איז ניט געווען קיין פּלאץ, ווו זיך א ריר צו טאן. איך בין געווען ביי אים אין הויז. אויף די ווענט - פּאליצעס מיט ביכער, פון אויבן ביז אונטן. מיט א בוך געגעסן, (אויב ס'איז געווען וואס) מיט א בוך געשלאפן. א ביסל קארטאפל אונטערן בעט. דאס בעט איז געווען זיין קעלער, זיין שענקל, זיין שאפע און זיין "פרידזשידער".

"זעץ זיך אויפן בעט", זאגט לערער זאקס. "ס'איז א ביסל צו ענג ביי אונדז, אבער ס'מאכט ניט אויס".

כ'בין געווארן איבערראשט. אזא גלענצענדער לערער און אזעלכע שווערע באדינגונגען. א לאנגע צייט ניט געקענט פארגעסן, ס'איז מיר ניט ארויס פון קאפּ. א סטודענט אין ערשטן יאר קריגט א פלאץ, ווו צו שלאפן, א בעטל פאר זיך אליין. ווו זיינען געשלאפן לערער זאקס מיט זיין משפחה אין צוויי בעטלעך, איז שווער צו זאגן. נישט אזוי שנעל גיט מען א גרעסערע דירה אין רוסלאנד. לערער זאקס איז געווען צו איידל צו קלאפן מיטן קולאק אין טיש און פארלאנגען א דירה.

סוף שול יאר 1948 איז ארויס א נייער געזעץ: "ווער עס ארבעט סטאביל אין אוניווערסיטעט, טאר ניט ארבעטן אין אנדערע פלעצער." דאס הייסט, לערער זאקס קען אונדז מער ניט לערנען. געבליבן דריי לעקציעס פארן עקזאמען. נישט לאזן א מענטשן פארענדיקן דעם קורס? אלע שרייען, טומלען.

"חברה", זאג איך, "לאמיר גיין צום דירעקטאר, בעטן, ריידן מיט אים". איך, פארשטייט זיך,לויף די ערשטע. יונג איז יונג, געזוכט גערעכטיקייט...

דירעקטאר סמירנאוו שאקלט מיטן קאפּ און ענטפערט וואזשנע: "איך קען אויף זיך ניט נעמען אזא פאראנטווארטלעכקייט. דאס איז א באשלוס פון דער פארטיי". שריי חי־וקים. ס'האט גאר ניט געהאלפן. מען האט אונדז ארייגעשיקט א נייעם לערער, איוואן איוואנאוויטש. א ווולגארן אנטיסעמיט.

נייגעריק באטראכט איוואן איוואנאוויטש אלע סטודענטן, מיט זיינע גנבישע אויגעלעך, שמעקט עפּעס מי'ט דער שפּיץ נאז. א טויטע שטילקייט אין קלאס. קיינער רירט זיך ניט. "וואסווארט אויף אונדז, ספּעציעל אויף מיר?" כ'האב דערפילט זיין בייזן, אנטיסעמיטישן בליק. ניט שווער צו דערקענען מיין יידיש פּנים. ס'איז מיר געווארן קאלט אין אלע אדערן. ווי קומט איוואן איוואנאוויטש צו לערער זאקס? אויסגעפּאשעט, מיט א פּאר רויטע באקן. אנגעטאן אין א טייערן, אויסלענדישן אנצוג. אלץ איז אויפן פּאפּיר, אין קאפּ גאר ניט. אן דעם שטיקל פּאפּיר, ווייס ער ניט אויף וועלכער וועלט ער איז. אין קאפּ — א לאך. קיין אייגענער געדאנק איז ניט פארבליבן, אויסגערונען. וואס קען מען ביי אים לערנען? טרינקען וואדקא און ווולגארע, שמוציקע רייד. לאנג ארבעט איוואן איוואנאוויטש אין ערגעץ ניט, מען ווערט גלייך פּטור פון אזא "טאלאנט", וואנדערט ער פון איין שטאט צו די אנדערע, ביז מען דערקענט דעם "פּארשוין". און דער דארף פארטרעטן לערער זאקס, ווייל ער איז אין דער פּארטיי. גאט, זיי מיר מוחל מיינע רייד, שווער צו שווייגן.

״ווער איז ביי אייך ״סטאראסטא״? ״איך״. ״ווּעמען געפעלט ניט דער נייער לערער?״ ער קוקט אויף מיר. ״פּראטעסטירסט? גייסט צום דירעקטאר? באקלאגסט זיך?״ ״איך האלט, מען בייט נישט קיין לערער סוף יאר פאר אן עקזאמען״. איוואן איוואנאוויטש דרייט זיך אויס צום קלאס. ״די פּארטיי ווייס, וואס זי טוט. האט קיין מורא ניט. נאר נישט שווייגן אויפן עקזאמען. נישט שטיין, ווי א לַיימענער גולם. אויפמאכן דאס מויל, עפּעס זאגן און אלץ וועט זיין ״א קעי.״ כ׳וועל אייך דערציילן א מעשה, וואס האט פּאסירט מיט אבראשא, א יידיש יינגל, וועט איר זען, ווי מען דארף האנדלען אויף אן עקזאמען. נאר זיך נישט פארלירן. הערט!

אבראשאס טאטע־מאמע זיינען געווען זיכער, זייער איין און איינציקער זון אבראשינקא, איז א גרויסער טאלאנט, א געבארענער ארטיסט, אזוינס האט די וועלט נאך ניט געזען. יידישע עלטערן... האבן זיי באשלאסן צו שיקן זייער זון קיין קיעוו זיך לערנען. ״פָּאר אבראשינקא, דארט וועט מען שוין אפּשאצן דיין טאלאנט״. אבראשא איז געקומען קיין קיעוו, געבראכט זיינע דאקומענטן און ווארט אויפן טאג, ווען ער וועט קענען באווייזן זיין גרויסן טאלאנט. איך בין דאן געווען אין דער קאמיסיע, וואס באשטימט: ״פּייאיק, ניט פּייאיק; דערלאזן, נישט דערלאזן״,דערציילט אונדז איוואן איוואנאוויטש.

״וואס ווילסטו, אבראשא, אונדז פארלייענען?״ ״איך וועל ניט פארלייענען״. ״האסט א גוטע שטימע? ווילסט אונדז עפּעס זינגען?״ ״ניין״. ״טאנצן?״ ״אויך ניט. איך וועל אייך פארשטעלן א קו״. א קו איז א קו. קיין גרויסע חכמה פון א קו, קען מען ניט דערווארטן, אבער אויב אבראשא קען באווייזן ניסים, פארוואס ניט.

״ווילסט א קו, זאל זיין א קו. לאמיר זען, אבראשא, וואס דו קענסט״. אבראשא האט זיך איינגעבויגן, זיך אוועקגעשטעלט ״אויף אלע פיר פיס״, געזאגט: ״מו״, און פארשטומט געווארן. מיר ווארטן פינף מינוט, צען מינוט. וויפל קען מען ווארטן? אבראשא שטייט נאך אלץ אויף זיינע ״פיר פיס״ און ווייס ניט וואס צו טאן. אלע קוקן אויפן ״גרויסן טאלאנט״, די ״קו״ רירט זיך ניט פון ארט. מיר שרייבן איינער דעם צווייטן בריוועלעך: ״ניע גאדיטסא״, ער טויג אויף כּפּרה׳ס. ״ווי לאנג ווּעסטו נאך אזוי זיצן, אבראשא? גענוג, ס׳האט ניט קיין זין, קענסט גיין״. אבראשא האט דערפילט, מיט וואס דאס שמעקט, א ״יידישער קאפּ״, זאגט ער: ״טיכאָ, מעניאַ דאָיאַט״. שא, מען מעלקט מיך.״ ווען מען מעלקט א קו, שטייט זי שטיל.״ אלע האבן זיך צעלאכט. ״סאָאבראַזיל, פּריגאָדיטצאַ״, ער וועט צונוץ קומען.

אבראשא איז טאקע געווארן א גוטער ארטיסט. שפּעטער אומגעקומען אויפן פראנט. ער פלעגט פארוויילן די סאלדאטן, געווען א גוטער קאמעדיאנט. מען דארף געפינען אן אויסוועג אין יעדער סיטואציע". "ליבער גאט, ווי קומט מען שוין אריבער דעם עקזאמען". מיך מיט דינה'ן האט איוואן איוואנאוויטש געהאלטן ביז צום סוף, קיינער זאל ניט הערן, וואס ער פרעגט.

"ווילסט, פארשטייט זיך, די בעסטע מארק", זאגט ער צו מיר. "דאס איז דער באגער פון יעדן סטודענט". "ביסט א גוטע שילערין, האסט גוט געענטפערט אויף אלע פראגן, נאך איינע און דו קענסט גיין". "וואס וויל ער נאך פון מיר?" קלער איך. "ווער איז געווען שפּינאזא?" ער קוקט אויף מיר און שמייכלט. (וועלכער ייד ווייס ניט, ווער ס'איז געווען שפּינאזא?) שפּינאזא האט אינגאנצן ניט געהאט קיין שייכות צו דעם, וואס מיר האבן געלערנט. "איך ווייס ניט", זאג איך ספּעציעל. "אָ, דו ווייסט ניט, א שאד. ער איז געווען א ייד, אבער א דייטשישער פילאזאף. קענסט גיין". איך בין ארויס, ווי אן אפּגעשמיסענע. עס האט אין מיר געקאכט. "ווי האסטו געקענט אויסהאלטן?" פרעגט, דינה, "איך וואלט ניט געקענט, ביסט נאך א העלד." "מיר זיינען אין גלות, מיין פריינד. מען קען ניט זאגן אין פּנים, וואס מען וויל. א מאל מוז מען פארשווייגן"...

לערער זאקס איז געפארן קיין מאסקווע, מיט דער האפענונג צו קריגן א דאקטאראט אין ליטעראטור פאר זיין גלענצענדע ארבעט וועגן דעם דייטשישן שרייבער לעאן פויכטוואנגער. מאסקווע האט אבער ניט באשטעטיקט, פארבראקירט, געפונען א תירוץ: "וועמען אינטערעסירט היינט לעאן פויכטוואנגער?" ער איז געקומען פון מאסקווע א צעבראכענ-ער מענטש.

א פּאר יאר שפּעטער האב איך חתונה געהאט, פארלאזן סווערדלאווסק, אריבער צען יאר אין קאנאדע, אבער לערער זאקס איז מיר קיינמאל ניט ארויס פון זינען. "לאמיר פרעגן מיין פריינדינע דינה". זי לעבט אין סווערדלאווסק, מיר שרייבן זיך אדורך.

נאך אזויפיל יארן בין איך געוואר געווארן: "לערער זאקס איז געשטארבן מיט א יאר צוריק. ער איז געווען א לערער אין א שולע. זיינע שילער האבן געזאמלט געלט, געשטעלט א מצבה אויף זיין קבר, זייער א טייערן שטיין, אלס אויסדרוק פון ליבשאפט און אנערקענונג צו א וואונדערבארן מענטש, לערער זאקס". זיין דאקטאראט איז קיינמאל ניט באשטעטיקט געווארן. פון אוניווערזיטעט האט מען אים באזייטיקט. נאר אויסווארצלען די ליבשאפט און אנערקענונג ביי זיינע באגאבטע רוסישע סטודענטן צו זייער לערער און פריינד זאקס, איז קיינעם ניט געלונגען. אויך דא, אין מאנטרעאל, טויזנטער מייל פון סווערדלאווסק, איז פארגאסן געווארן א הייסע, שטילע טרער, אויפן טויט פון לערער זאקס.

# א טומל אין ״שטעטל״

ווער פון אונדז, געוועזענע פאַרוואַגלטע פּליטלינגען, געדענקט ניט דאָס שווערע לעבן אין סיביר? דאָס קען מען ניט פאַרגעסן.

געפרוירן, הונגעריק, קומען מיר יונגע סטודענטן אַהיים, רינגלען אַרום די פּליטע, זיך אַ ביסל צו דערוואַרעמען און טיילן זיך מיט די לעצטע נייעס. אויף דער פּליטע — אַ סך קליינע טעפּלעך מיט אַ פּאָר קאַרטאָפל, די נשמה צו דערהאַלטן. נישט אַלע האָבן געהאַט די פּאָר קאַרטאָפל. בלויז אין איין טאָפּ האָט זיך געקאָכט אַ הון.

״פון וואַנען האָט זיך דאָ גענומען אַ הון?״ פרעגט דוסיאַ. ״ווער איז אַזוי רייך געוואָרן?״ טאַמאַראַס מאַמע איז געקומען פון אַ ווייטן דאָרף און געבראַכט איר איינאונאיינציקער טאָכטער אַ הון. ווער האָט געגעסן הינער אין 1947? ״קורקולי״, גרויסע גבירים. קיין סך גבירים איז אין יענע צייטן ניט געווען. סטודענטן האָבן קיין הינער נישט געגעסן, דאָס פאַרזיכער איך אייך. מיר זענען געווען אויף אַ טעגלעכע דיעטע: אַ קליין שטיקל שוואַרץ ברויט איינמאָל אין טאָג, אַ ביסל ״קיפּיאַטאָק״, הייס וואַסער. נישט קיין פלייש, נישט קיין פּרוכט, מען זאָל נישט צונעמען צופיל וואָג, איז דאָס טאַקע געוואָרן אַ גאַנצע סענסאַציע: ״אַ הון קאָכט זיך ביי די סטודענטן אין קיך.״

איך ווייס ניט ווי און ווען, אימיצער האָט צוגעגנבעט די הון פון קאָכידיקן טאָפּ. ״גוואַלט!״ שרייט די אַלטע, ״ווו איז מיין הון?״ טאַמאַרקאַ לויפט אַרום אין צימער און פרעגט אַלעמען: ״ווו האָט איר באַהאַלטן די הון? מיין מאַמע איז אַ קראַנקע, שוואַכע פרוי, מאַכט מיט איר נישט קיין קונצן און גיט מיר אָפּ די הון.״ דאָס איז אָבער נישט געווען קיין שפּאַס. קיינער האָט די הון נישט באַהאַלטן. דער טאָפּ איז געשטאַנען צווישן אַלע טעפּ, אָבער — אַ פּוסטער. די הון איז פאַרשוווּנדן.

״געלערנטע מענטשן און גנבנען פון טאָפּ״, וויינט טאַמאַראַס מאַמע. ווער ס׳האָט צוגעגנבעט די הון איז געבליבן אַ רעטעניש, וועלכן אונדזערע ״קלוגע, געלערנטע״ קעפּ האָבן נישט געקענט לייזן. אָבער, ווי מען זאָגט ביי יידן: ״סוף גנב לתליה.״ דער גנב האָט זיך אַליין מודה געווען.

מען האָט פאַרהאַלטן אַניאַ צאַרעגאָראָדצעוואַ מיט געגנבעטע ביכער פון דער ביבליאָטעק. ס׳איז געוואָרן אַ טומל, מען רופט אַ מיטינג פון אַלע סטודענטן. דער פאָרזיצער, אַ געוועזענער אָפיציר, פרעגט וואַזשנע: ״דערציייל אונדז, אַניאַ, ווי האָסטו געקענט אַרויסטראָגן אַזויפיל ביכער ביי אַלעמען פון אונטער דער נאָז?״ אַניאַ קוקט אויף אים, ווי גאָט די נשמה שולדיק. ״באַהאַלטן אונטער מיין ״באַבאַטשקע״, (אַ

בריטע, ווינטערדיקע בלוזע.) "מיר האבן בלוט פארגאסן, אוועקגעגעבן אונדזערע יונגע לעבנס, דו זאלסט קענען לערנען, זיין א מענטש, און דו גנבעסט וויסענשאפטלעכע ביכער. ווילסט זיין קליגער פון אלעמען. יאָגן דארף מען דיך פון אוניווערסיטעט מיט א שטעקן. ווער איז פאר אויסשליסן די גרויסע "חכמה" פון אונדזער פאקולטעט?" פרעגט דער פארזיצער. און איידער אימיצער פון אונדז האט אויפגעמאכט דאס מויל, איז אניא געפאלן אויף די קני און גענומען בעטן: "אָי, טייערינקע, יאָגט מיך ניט ארויס. איך וועל זיך מודא זיין, איך וועל אייך אלץ דערציילן, אפילו, ווי איך האב צוגעגנבעט די הון פון טאפ." אלע האבן זיך צעלאכט. שוין לאנג פארגעסן די מעשה מיט דער הון. יעדן טאג איז געווען א פרישע.

דער פארזיצער מאכט א וואזשנע מינע, ער איז דאך א געוועזענער אפיציר, נישט קיין "יונגע קאָזע", אים פאסט ניט צו לאכן, זאגט ער: "שטיי גלייך, ווי מען שטייט פאר א געריכט, און וואָיע ניט. ס'וועט דיר גאר ניט העלפן. "באַבעס", שטיל זאל זיין!" ס'איז געווארן שטיל. "דערצייל!" אניא הויבט אן צו דערציילן:

"כ'בין אריין אין קיך. עס האט אזוי געשמעקט, און דער טאפ מיט דער הון איז געשטאנען לעם מיין קליינעם טעפעלע מיט די צוויי קארטאפל. אין דעם מאמענט איז אין קיך קיינער ניט געווען. כ'האב א כאפ געטאָן די גאנצע הון, ארויסגעשלעפט עס פון טאָפ און אונטער מיין "באַבאָטשקע." "ווי די ביכער?" פרעגט דער פארזיצער. "יאָ." "וואס האסטו געטאן מיט דער הון?" "אויפגעגעסן." "פאר איין מאל די גאנצע הון?" "יאָ." "האסט נישט מורא געהאט, אימיצער קען דיך זען, פרעגן: "ווי קומט צו דיר א הון?" "ניין. כ'בין אריינגעלאפן אין טואלעט, זיך פארמאכט און אויפגעגעסן די גאנצע הון. געשלונגען, ניט געגעסן. אָפּגעלעקט דיביינדעלעך — כ'האב ליב ביינער, און אריינגעווארפן די אפגעלעקטע ביינדלעך אין טואלעט." "און ס'האט דיר נישט פארשאט? אויפעסן א גרויסע, פעטע הון פאר איינמאל!" "ניין, כ'האב פארטרונקען מיט וואסער, געווען דורשטיק."

אלע האבן זיך געקולקעט פון געלעכטער. "ווי קלוג דו ביסט! פרעמדע הינער גנבעסטו פון טאפ, ביכער פון דער ביבליאטעק. וואס נאך?" "מער גארניט. זייט מיר מוחל, כ'האב זיך דאך מודא געווען, אלץ דערציילט. כ'וועל שוין מער ניט גנבענען, קיינמאל ניט. איך גיב אייך דאס ווארט. מיין מאמע וועט עס ניט אויסהאלטן, האט אויף איר רחמנות." מיר האבן טאקע רחמנות געהאט אויף אנקאס מאמע, נישט אויף איר. "זיי א מענטש", זאגט דער פארזיצער. "פארשעם ניט מער דיין מאמען."

אנקא האט דאס ווארט ניט געהאלטן, קליגער איז זי ניט געווארן. כ'האב געארבעט א גאנצן זומער און געקויפט אויפן שווארצן מארק א

שיינעם, אויסלענדישן מאנטל. אנקא מעסט עס אן (מיר האבן געוווינט אין דעמזעלבן צימער) און זאגט: "ווייסט וואס, פון דער פאטשיווקע קען מען מאכן א שיינע בלוזקע." "הענג אויף מיין מאנטל, אנקא. איך גיי נישט מאכן קיין בלוזקע. דער מאנטל געפעלט מיר אזוי, ווי עס איז."

אויף מארגן איז דער מאנטל פארשווונדן. קיינער פון אונדז האט נישט געזען ווען, אבער אלע האבן געוווסט, ווער דער גנב איז.

## "טיאָטיאַ מאָטיאַ"

טיאָטיאַ מאָטיאַס טאכטער אַלבינאַ האט זיך געלערנט צוזאמען מיט מיר. גאט האט איר מיט קיין גרויסע פייאיקייטן נישט געבענטשט. מען פלעגט איר מוזן צוהעלפן. "אונטערשטופן" די "הינקעדיקע", ווי אונדזער לערערין פלעגט זיך אויסדריקן. די צווייטע האט זיך אליין אָנגעבעטן: "וואס ארט דיר?" זאגט זי צו מיר. "לאָמיר לערנען זאלבע־דריט." כ'האב געשלעפט אויף מיינע שוואכע פלייצעס צוויי שווערע "קלעצער": אַלבינאַ רילסקיך און קלאַוואַ אַנטאָנאָוואַ. ס'איז ניט געווען גרינג זיך צו לערנען אויף אונדזער פאַקולטעט.

אלס דאנקבארקייט פאר צוהעלפן, האט מיך אַלבינאַ איינגעלאדן צו זיך אַהיים. אזוי האב איך זיך באקענט מיט טיאָטיאַ מאָטיאַ, דער "קלעצלס" מאמע.

א נידעריקע פויערטע, אין א דאָרפישן פעלץ און א טיכל מיט גרויסע, רויטע בלומען אויפן קאפ, איז ארויס אונדז אנטקעגן. "קום אריין! זיי אונדזער גאסט"! איך בין אריין אין א געוויינלעכע, דארפישע כאטע. די גרויע קאץ איז פאַמעלעך אַראָפּגעקראָכן פון רוסישן אויוון און זיך באַהאַלטן אונטערן טיש. אין קיך לעם דער וואנט איז געשטאנען א פארמאכטע קלעטקע מיט 5 הינער און א גרויסן, רויטן האן, וועלכער האט מיך באגריסט מיט זיין "קו־קו־רע־קו".

"ביסט אזוי אויסגעדארט", זאגט אלבינאס מאמע. "קריך ארויף אויפן אויוון, ווארעם זיך אן א ביסל און איך וועל דיר באלד מאכן רוסישע "בליני". איך קוק זיך ארום און גלויב אליין נישט מיינע אויגן. אין א פאַרוואָרפן דאָרף, ערגעץ ווייט אין סיביר, שטייט אין קיך א טייערער בופעט. טיאָטיאַ מאָטיאַ עפנט א טישקעסטל און נעמט ארויס א פּאָר ציבעלעך. "קיין אַנדער פלאץ פאר די ציבעלעך האט זי שוין נישט געפונען", קלער איך מיר. דער בופעט איז געווען "באַפוצט" מיט גרינע

פּאַמידאָרן, אייער און א פּאָר קנאָבל. לעם פענצטער — א פּאַלירטער טיש, מיט געפלאָכטענע, מאַסיווע שטולן. אויפן טיש — א גרויסער בלומענטאָפּ. אלע דריי צימערן אָנגעפּאַקט מיט מעבל, טייערע פיגורן, בילדער און אנדערע ווערטפולע זאכן, וועגן וועלכע טיאָטיאַ מאָטיאַ האט ניט געהאַט די מינדעסטע אַנונג. דאס פּאָלק הונגערט נאך, די קראָמען ליידיק, און דאָ — גאנצע אוצרות.

ס'האט נישט גענומען לאנג און אלבינאס מאמע דערלאנגט צום טיש "רוסקיע בליני" מיט סמעטענע. "עס, נאר וואס פון אויוון." ווי אויסגעהונגערט איך בין נישט געווען, מער ווי איין "בלין" נישט געקענט אויפעסן.

פרי פארטאג וועקט מיך טיאָטיאַ מאָטיאַ: "קום מיט מיר אין שטאַל. כ'וועל אויסמעלקן די קו, וועסטו טרינקען פרישע מילך. וואַרעמע, גלייך פון דער קו. ס'איז זייער געזונט". "טיאָטיאַ מאָטיאַ, א דאַנק." "פון מיין מאמען וועסטו זיך ניט אָפּטשעפּען", זאגט אַלבינא, גיי איך מיט. אין שטאל האט אויף מיר געווארט נאך א גרעסערער סופּריז — א נייע דייטשישע פּיאַנאָ. "וואס פּאַר עקספּערימענטן מאכט אַלבינאַס מאמע מיט דער קו?" נישט אומזיסט האט זי מיך גערופן אין שטאל, איך זאל זיך אליין איבערצייגן.

אָ, מיין גאט! דאס האב איך אין מיין לעבן נאך נישט געזען. די קו האט א דריי געטאן מיטן עק, געזאָגט: "מו! "ד. ה. מיך באגריסט, און אנגעהויבן צו שפּילן. די קלאַווישן "קרעכצן", באקלאָגן זיך פאר מיר, ווי שלעכט מען באַהאַנדלט זיי. "פּארוואס שטייט די פּיאנא אין שטאל? עס ווערט דאך א תל". "ווו זאל איך עס שטעלן?" פרעגט טיאָטיאַ מאָטיאַ. "ביי די חזרים איז נאך ערגער. זיי דערשרעקן זיך, ווערן זייער ווילד. הויבן אן צו קוויטשען, כרויקען, און ארומלויפן איבערן שטעלכל. א קו שווייגט באטש. אויב עס געפעלט איר ניט, גיט זי א דריי מיטן עק, פאַרגלאָצט אירע קעלבערנע אויגן, אָדער זי גיט א קאָפּע מיטן פוס".

זומער באזעצן די פליגן די פּיאַנאָ. די קו יאָגט זיי אוועק מיטן עק: "גייט, שפּילט איר א ביסל, מיר איז דאס שוין דערעסן געוואָרן". שווארצע פליגן, וואס פארשטייען זיי? שפּילן זיי נאָר אויף די שוואַרצע קלאַווישן, וואָס קען מען פון זיי פאַרלאַנגען, פון פליגן? "די ווייסע קלאווישן זיינען אונדז נישט צום הארצן."

"צו וואס דארפט איר אזויפיל מעבל?" פרעג איך. "ווער דארף דאס." זאגט טיאָטיאַ מאָטיאַ, "ניטאָ זיך ווו א ריר צו טאָן. מיין עלטערע טאכטער האט דאָס געבראַכט פון דייטשלאנד און איך דארף ליידן."

טאקע, צו וואס דארף טיאָטיאַ מאָטיא א פּיאַנאָ אין הויז?...
צו וואס דארף זי ליידן?...

# גוטע נשמות

נאך 15 יאר בין איך געקומען קיין סווערדלאווסק זיך זען מיט אן עלטערע פאר פאלק, וועלכע האבן א געוויסע צייט מיר פארטראטן מיינע עלטערן. זיי האבן פארלארן אן איינאונאיינציקן זון. ער איז אוועק פרייוויליק אין די ארמיי און אומגעקומען אין 1944. זייער ווייטיק איז געווען גרויס.ביידע האבן זיך צוגעבונדן צו מיר, ווי צו אן אייגן קינד, און איך צו זיי.

מיט מיר איז געפארן מיין יינגערע טאכטער, נאך א קליין קינד. געקומען קיין סווערדלאווסק ביינאכט, אין דרויסן האט גערעגנט. "ווי וועט מען אונדז געפינען?" פרעגט מיין טאכטער, "ס'איז אזוי פינצטער". "דאגה ניט, דער זיידע וועט אונדז געפינען אין דער פינצטער אויך."

אין וואגאן איז אריין אן אומבאקאנטער יונגער מאן, מיט אים וואלף איליטש שוב, א רירעוודיקער ייד פון א יאר 75. מיר האבן זיך ארומגענומען, ער האט זיך צעוויינט פאר פרייד; געקושט אונדז ביידן, ניט געקענט זיך בארואיקן.

"ווו איז דיין באגאזש?" "שלעפט ניט, ס'איז צו שווער פאר אייך". "פאר מיר איז גארניט צו שווער, אבי דו ביסט געקומען. דאס איז אונדזער שכנ'ס זון, ער וועט אונדז נעמען א היים".

איך בין געווען אנגעלאדן, ווי אן אייזל. זאפטיקע אנטאנאווקעס פון אוקראינע, זיי האבן דאס אזוי ליב. פארשיידענע איינגעמאכטס און אנדערע זאכן.

"ווי האסטו דאס אלץ געשלעפט?" פרעגט וואלף איליטש. "דעם רוקזאק מיט די עפל (קנאפע 50 פונט) אויפן רוקן; אין איין האנט דאס איינגעמאכטס, אין דער צווייטער - די וואליזע. דער קליינער האב איך אנגעזאגט זיך האלטן פאר מיין ראָק און ניט אפלאזן אין דעם געדראנג, ביז איך וועל געפינען א טאקסי.

ביים ארויסגאנג פון וואקזאל בין איך געווארן נתפעל. אין גרויסן רעגן איז געשטאנען דינה, מיין פריינדינע. אויסגעווייקט, מיט א גרויסן בוקעט בלומען פאר מיר און א באמבאניערע פאר אלגא. "בשלום געקומען, גאט צו דאנקען. איצט קען איך גיין א היים. מארגן וועל איך צו דיר קומען. מיין טאטע קען זיך שוין ניט דערווארטן אייך צו זען".

מיט די רייד איז זי אוועק און מיר זיינען אוועקגעפארן א "היים". ווידער האב איך דערפילט אזא ווארעמקייט, אזא ליבשאפט. טרערן זיינען געפלאסן ניטווילנדיק. איך האב זיך דערמאנט מיין איינזאמקייט און מיין גרויסן ווייטיק מיט יארן צוריק, ווען כ'האב געלייענט די טרויעריקע בריוו: "אומגעקומען", "ארויסגעפירט אין 1942 אין

קאנצלאגער". געבליבן אליין, די גאנצע משפחה אין גראדנע און אין ווילנע איז אומגעקומען.

אין דערזעלבער צייט האט מען מיר צוגעגנב'עט די ברויטקארטלעך פאר 10 טעג. הונגערן בין איך שוין געווען געוווינט. נאר וואס געקומען פון גראדנע, (מיין ערשטער באזוך נאך דעם קריג) געזען דעם גרויסן חורבן מיט מיינע אייגענע אויגן, ס'איז געווען שרעקלעך. איך האב זיך ניט געקענט נעמען אין די הענט.

עס פלעגן מיך איינלאדן היגע חברה, ניט געוואלט אין ערגעץ גיין. איך האב געטרויערט.

אין די שווערסטע צייט פון מיין לעבן האט מיר גאט צוגעשיקט א מתנה, אויף וועלכע איך האב זיך אינגאנצן ניט געריכט.

"גרוניא, עמעצער וויל דיך זען, מען ווארט אויף דיר." איך בין ארויס אין לאנגן קארידאר. אן אומבאקאנטע, עלעגאנטע פרוי איז צוגעגאנגען צו מיר און געפרעגט: "דו ביסט גרוניא סלוצקי?" "יא". "איך ווארט שוין לאנג אויף דיר". "איר האט א טעות, כ'קען אייך ניט". "איך ווייס. מען האט אונדז וועגן דיר דערציילט. מיין מאן איז א גראדנער, ער וויל זיך זען מיט דיר, באקענען. ווען קענסטו צו אונדז קומען? אפשר היינט?" "היינט קען איך ניט". "ביסט פארנומען? גוט, וועל איך קומען נעקסטן שבת דיך נעמען. וועסט איבערשלאפן ביי אונדז און זונטיק פארן צוריק".

אזוי איז געווען. מיר זיינען געפארן אריבער א שעה, וויניק גערעדט, יעדער פארטיפט אין זיינע געדאנקען. געקומען צו א פוסטן פלאץ, אינגאנצן 3 הייזער. ארום-און-ארום האט מען געבויט. "מיר וווינען אין צווייטן הויז, ניט לאנג באקומען א נייע דירה".

זי האט אויפגעמאכט די טיר. "קום אריין, טו זיך אויס, באלד וועט קומען וואלף איליטש וועלן מיר עסן צוזאמען".

אין הויז איז געווען זייער זויבער, פשוט און ווארעם. אויפן וואנט איז געהאנגען א גרויס בילד. "דאס איז אונדזער זון באריס. שוין 3 יאר, ווי ער איז אומגעקומען, 22 יאר"...

זי האט זיך צעוויינט. עס האט ניט געדויערט לאנג, מיין לאנדסמאן איז געקומען. א קלוגער מענטש, דער הויפט עקאנאמיסט אין א פאבריק פון טורבינען, ווו עס האבן געארבעט מער, ווי צען טויזנט מאן.

"סאניטשקא, ווי נעמסטו אויף א גאסט? גיב עפעס אויפן טיש, לאמיר זיך אנווארעמען, וועלן מיר האבן כוח צו שמועסן". ער האט איר געהאלפן גרייטן צום טיש. סאפיא פעטראוונאס בארשטש געדענק איך נאך היינט. דער ביסן איז מיר ניט געקראכן אין האלדז.

נאכן עסן האט מיין לאנדסמאן מיך ארומגענומען. "מאך זיך באקוועם, זיי היימיש, ביסט דאך א גראדנער, אן אייגענע. אפשר קענסטו מיין ברודער שוב? ער האט געהאט א גרויס געשעפט פון סחורה". "יא, זיין זון איז געווען א יאר עלטער פון מיר". "סאניטשקא, זי האט געקענט מיין ברודער", ער האט זיך דערפרייט. קיין גוטע בשורה האב איך ניט געהאט...

מען האט גערעדט וועגן גראדנע. ער איז אנטלאפן אין דער ערשטער וועלט מלחמה. "יידישע לידער געדענקסטו? "זונטיק בולבעס", "אין א קליין שטיבעלע". איך בין נאך אלץ געווען ווייט, ווייט... "איך וועל דיר אויסזינגען א ליד פון מיינע צייטן":

"דו וועסט זיין א גביר מיין זשאמעלע".

געזונגען האט ער מיט געפיל, קיין שטימע ניט געהאט, זיין הארץ האט געזונגען. "ווי געפעלט דיר מיין שטימע?" צום ערשטן מאל פאר א לאנגע צייט האב איך געגעבן א שמייכל. "איצט לאמיר זען, וואס דו קענסט"...

שפעט אין אוונט האבן זיי מיר אויסגעבעט, אנגעווארעמט הייסע וואסער זיך צו באדן, דאס איז געווען א לוקסוס פאר אן ארעמען סטודענט. אזוי האט זיך אנגעהויבן אונדזער פריינדשאפט.

חתונה געהאט אין סווערדלאווסק, עטלעכע יאר שפעטער. צו דער חופה האבן מיך טאטע־מאמע ניט געפירט, דעם חתן אויך ניט. קיין ווייס חופה קליידל ניט געטראגן. מיר צוויי... עס איז געווען א ציווילע חתונה. ארויסגייענדיק פון שטאט־ראט זאגט מיין מאן: "מען דארף כאטש אויסטרינקען א לחיים, מיר האבן דאך חתונה געהאט".

אויפן גאס איז געשטאנען א דיקע פרוי און פארקויפט ביר פון א גרויסע פאס, אויפן קווארט און אויפן גלאז. ס'איז געווען א הייסער, זומערדיקער טאג.

"א באקאל מיט א גלאז." די פרוי האט אנגעגאסן ביר. "מזל טוב", זאגט מיין מאן. ער וויל באצאלן, אבער אימיצער האט שנעל אויסגעליידיקט זיין קעשענע, אין איין מאמענט. די "מלאכה" קענען זיי. נאך גוט, איך האב געהאט א פאר גראשן.

אין אוונט זיינען מיר געווען איינגעלאדן צו מיינע לאנדסלייט, דאקטאר סאסאן מיט זיין פרוי, פארמעגלעבע מענטשן, אויך גראדנער. זיי האבן צוגעגרייט פאר מיר אלץ, וואס מען האט נאר געקענט: בעטגעוואנט, וועש, געשיר; געוווּנטשן: "מזל טוב".

איך בין אוועקגעפארן פון אוראל, ווי א רייכע כלה, אנגעלאדן מער, ווי איך האב געשלעפט צו זיי 15 יאר שפעטער.

א לאנגע צייט האבן מיינע קינדער ניט געוווסט, דאס זיינען ניט זייערע זיידע-באבע. פון אוראל פלעגט מען כסדר שיקן מתנות פאר די "אייניקלעך", איך פלעג שיקן פעקלעך מיט פרוכט און מתנות צו "זיידע-באבע".

ער איז געשטארבן אין 1971, זיין פרוי 5 יאר פריער. מיר זיינען פארבליבן "משפחה" ביז צו זייער טויט. פארן אוועקפארן פון רוסלאנד, בין איך געפארן מיט דער עלטערער טאכטער קיין סווערדלאווסק, אפגעבן זיי דעם לעצטן כבוד. מיר האבן באזוכט זייערע קברים. איך האב אלץ געטאן, זיין קבר זאל ניט פארגעסן ווערן, מען זאל שטעלן א מצבה. זיך געזעגנט מיט אזעלכע גוטע נשמות.



**סווערדלאווסק, 1966**

# ״האנימון״

ס׳איז א טראדיציע, נאך דער חתונה פארן אויף א ״האנימון״. איר מיינט נאר אין קאנאדע? איך בין אויך געפארן אויף א ״האנימון״ אין סיביר, נאך מיט יארן צוריק.

אויפן וועג איז געשטאנען א גרויסער שטיין, אויף וועלכן פון איין זייט איז געווען געשריבן: ״אייראפע״ און פון דער אנדער זייט: ״אזיע״.

די באן האט זיך געשלעפט, געקראכן, ווי א טשערעפאכע. אלע פאר מינוט זיך אפגעשטעלט, געכאפט דעם אטעם, קוים געדעכעט.

שבת און זונטיק איז די באן געווען געפאקט. מען איז געפארן אין שטאט עפעס קויפן, עפעס פארקויפן, א ביסל פארברענגען אין א גרויסער שטאט. דער עולם איז געשטאנען קאפ אויף קאפ. וואס דארף איך זיך שטופן, שטיקן, קריכן אויף פרעמדע קעפ? איך בין דאך אויף א ״האנימון״, זיינען מיר געפארן מאנטיק. ס׳איז טאקע געווען א מחיה צו פארן.

״רב נחום, הויב זיך אויף, מיר זיינען שוין געקומען״. ״איך פאר ווייטער, מיר געפעלט דא ניט״. ״פאר געזונט, איך ווינטש דיר א גליקלעכע רייזע״.

אויפן פעראן גיט מיר אימיצער א ריר פארן אקסל: ״נו, ווו גייט מען איצט?״ ארום־און־ארום־א גרויסע בלאטע, קיין שטאט זעט מען ניט. א פאר ברעטלעך אויסגעלייגט אנשטאט א טראטואר, לעם וועג — א קליינע בודקע, גיי איך צו און פרעג: ״זייט אזוי גוט, ווו איז פער־ווארלאסק?״ ״א פאר וויארסט פון דאנען. שפאן גלייך, וועסט געפינען.״

שפאנען איז שפאנען. איך בין געווען געוווינט צו שפאנען איבער אלערליי וועגן, נאר אזא פעטע, געדיכטע בלאטע, האב איך נאך ניט געזען. ״מזל טוב״, זאגט מיין מאן, ״איך האב דיר געזאגט, לאמיר בעסער פארן קיין בילימבאי״. ״וואס וועסטו טאן אין בילימבאי?״ ״איך וואלט שוין געפונען, וואס צו טאן״.

אזוי זיינען מיר געקומען אין ״שטאט״ און מיט גאטס הילף געפונען די גאס. איך קלאפ אן. א פרוי פון א יאר 35 עפנט די טיר. ״קען איך ריידן צום דירעקטאר?״ ״ער איז נישטא״. ״ווען ווען ער קומען?״ ״אין א צוויי וואכן ארום״. ״פאלג מיר א גאנג״, זאגט מיין מאן. ״ביסט די נייע לערערין?״ ״יא״. ״און ער?״ ״מיין מאן.״ ״וואס זאל איך טאן מיט דיר? שלאפט איבער אין ביאלאגישן קאבינעט און מארגן וועט איר זען, וואס צו טאן ווייטער״.

זי האט אונדז אריינגעפירט אין א גרויסן צימער מיט לאנגע טישן און אלטע בענקלעך. אויף די ווענט־בילדער פון אלערליי מאלפּעס. אין איין ווינקל - א גרויסער סקעלעט, אין צווייטן - א ים־חזרל. די גאנצע נאכט האט עס געפּישטשעט, דאס הייסט גערעדט צו אונדז, זיך דערפרייט, עס האט צו וועמען צו ריידן. אין דריטן ווינקל איז געשטאנען אן אקוואריום מיט א פּאר גאלדענע פישעלעך.

"ס'וועט זיין א גוטע וועטשערע"... "יענע וועטשערע", זאגט מיין מאן. "זע נאר, א טשאיניק איז אויך דא. באלד וועל איך מאכן א גלעזעלע טיי". "קיין טיי טאר מען דא ניט מאכן. די פישעלעך קענען נאך שטארבן פון דער פּארע". און איידער איך האב איר עפּעס געענטפערט האט די סטאראזשיכע א כאפּ געטאן דעם טשאיניק און פארשווונדן.

"ווו האסטו מיך געבראכט, אין א דזשונגל? זע נאר, וויפל מאלפּעס, א שרעק". "מיט מאלפּעס קען מען זיך נאך א עצה געבן, וואס וואלסטו געטאן, ווען דו דארפסט שלאפן אין איין צימער מיט א טיגער?" "א גוטע פראגע"...

אויף הארטע טישן, אונטער דעם אקאמפּאנימענט פון א ים־חזרל, איז טאקע זייער ראמאנטיש, פונדעסטוועגן האבן מיר זיך קוים דערוואַרט, עס זאל אנהויבן צו טאגן, קיין אויג ניט צוגעמאכט די גאנצע נאכט.

אינדערפרי גייען מיר ארויס א קוק טאן דאס שטעטל, וואס בויט "קאטיושעס". פרויען זיינען געגאנגען צו דער ארבעט צוזאמען מיט די מענער. ווי מענער געארבעט, ווי מענער געטרונקען. פארטרונקען די צרות. שיכורערהייד גע'זונגען אויפן גאנצן קול. א מאל יא דערקראכן א היים, און א מאל זיך איסגעשלאפן אויפן וועג אין א לוזשע. וואס פאר א פארגעניגן האבן זיי נאך געהאט?

איך בין שוין געווען צוגעווינט צו אזעלכע זאכן, מיין מאן איז געווארן נתפעל. "אין מיין לעבן האב איך דאס ניט געזען". נאך דריי טעג זאגט ער צו מיר: "איך קלער פארן צוריק, מיר געפעלט דא ניט. וואס זאגסטו? כ'וועל זיך איינארדענען און וועסט קומען צו מיר". צוריק איז צוריק. איך האב אים ניט צוגערעדט צו בלייבן. איינגעפּאקט זיינע זיבן זאכן, ער איז אוועקגעפארן גלייך נאך אונדזער "האנימון", איך בין פארבליבן אליין. ביזן היינטיקן טאג דערמאנט מיין מאן אונדזער "האנימון".

# דאס קליידל מיט די רויטע קנעפלעך

נאך א קורצן שמועס מיטן דירעקטאר, א מאן, מיט א פּאר קלוגע אויגן, זאגט ער צו מיר: ״ביסט אליין, האסט נישט קיין משפחה, מען בויט הייזער, אבער נישט גענוג. ווערסט וואוינען דערווייל אין דער שולע. כ׳וועל באלד הייסן צוגרייטן פאר דיר א קלאס אין ערשטן שטאק. ווערסט ווייט נישט דארפן גיין ווינטער״, בארואיקט מיך דער דירעקטאר.

די אינגלעך האבן געבראכט א בעטל מיט דריי טישן. ״צוואס דריי״? פרעג איך. ״קיין אנדער מעבל איז נישטא. דאס צימער וועט נישט אויסזען אזוי פּוסט. איין טיש וועט זיין אייער קאבינעט, דער צווייטער - ״א עסצימער״ פאר געסט, און דער דריטער - אייער קיך״. גאט צו דאנקען דערפאר, מען טאר נישט זינדיקן , טראכט איך מיר.

נייגעריק קוקן אייניגע שילער אריין אין פענצטער. ״מיט וואס פארנעמט זיך די נייע לערערין?״ איך מאך זיך ניט זעענדיק, צעלייג מיינע ביכער אין ״מיין קאבינעט״, פארבעט דאס בעטל. דער דירעקטאר האט מיך געווארנט: ״זיי גרייט צו אלערליי קונצן. דאס זענען אינגלעך. די ״חברה״ פּרובירן אויס א נייעם לערער״.

״ביסט פארהייראט?״ פרעגן זיי מיך דעם ערשטן טאג. ״יא״. ״ווו איז דיין מאן?״ ״אוועקגעפארן״, ״ס׳קען נישט זיין״. ״איר גלויבט ניט, איז ניט״. ״ווער לאזט איבער א יונגע ווייב און פארט אוועק?״ ״לאמיר נישט פארלירן קיין צייט אויף נארישע רייד״.

די ערשטע שעה איז אדורך בשלום. איך גיי אריין אין צווייטן קלאס, איינער זיצט אויף דער לעצטער באנק אין א ווינטערדיק היטל, אראפּגעלאזט איבער די אויערן, פארבונדן מיט א שלייפעלע און רירט זיך נישט פון ארט.

״ס׳איז דיר קאלט?״ פרעג איך. ״ניין״. ״ביסט נישט געזונט?״ די חברה לאכן. ״וואס איז דא צו לאכן? אפשר דארפסטו זען א דאקטאר, קענסטו גיין״. ״לאזט אים זיצן״. ״אייך געפעלט דאס?״ ״יא״. ״טוט אויך אן אייערע היטלען״. ״מיר האבן ניט מיטגענומען. ס׳איזווארעם״. ״אויב עס געפעלט אייך, ״פאזשאלויסטא״, ברענגט צום נעקסטן מאל אייערע ווינטערדיקע היטלען. פארשרייבט, מיט גרויסע אותיות, איר זאלט ניט פארגעסן, אויב איר ווילט ניט אייערע עלטערן זאלן וויסן, מיט וואס איר פארנעמט זיך אין קלאס.״ ״ניין, זאגט ניט די עלטערן.״ ״מסכים?״ ״יא.״

צוויי טעג שפּעטער קום איך אין דעמזעלבן קלאס. ״גוט מארגן״. ״גוט יאר״. ״ווו זיינען אייערע ווינטערדיקע היטלען?״ פּאוואליע, איינער נאכן אנדערן, נעמען זיי ארויס די היטלען. ״טוט אן, פארבינט מיט א

שלייפעלע, ווי אייער חבר, איר זאלט זיך חלילה ניט פארקילן, ניט געפרוירן ווערן. האט הנאה". מער קיין פראבלעמען האב איך מיט די חברה שוין ניט געהאט.

לעם פערוואוראלסק איז געווען א לאגער פאר קריגסגעפאנגענע דייטשישע אפיצירן. זיי פלעגן ארבעטן אין פערוואוראלסק פון 9 אינדערפרי ביז 5 נאך מיטאג. ווארעם אנגעטאן, מער געשטאנען, ווי געארבעט. א גאנצן טאג אויסלאכן די רוסישע פרויען: "דינע ביינע", "דיקע ביינע", "קרומע ביינע". געלערנט די שילער מיאוסע רייד. קינדער זיינען קינדער, חזרט מען איבער. מען מיינט, ס'איז א גרויסע חכמה.

"איר קענט דאס איבערזעצן?" פרעגט א שילער פון א יאר 15 און ווייזט מיר א פאסטקארטל.

אויפן קארטל — אן ארעמע משפחה זוכט איינער ביים צווייטן אין קאפ און אין די קליידער, לייגט די לייז אויפן וואג און די לייז ציען איבער די שווערע גירעס. איך לייען פאר זיך: "עס לאַוזט זיך דער פאטער, עס לאַוזט זיך די מוטער, עס לאַוזט זיך דאס קינד, עס לאַוזט זיך דאס גאנצע האַוזגעזינד." "וויפל מאל דארף מען אייך זאגן: מיט קיין מערדער האט ניט צו טאן". מען האט די דייטשן געווארנט.

א פאר מאנאט שפעטער, ווינטער, גיי איך אין אוונט אהיים. אנגעשטעלט דעם קאלנער, עס האט געשנייט. איך הער: "פייער!" נאך א סעקונדע און צענדליקער סניעזשקעס,(שנייבאלס) פון אלע זייטן, וואלטן זיך א שאט געטאן אויף מיר. "וואס איז מיט אייך? עפעס בעסערס האט איר ניט געקענט אויסטראכטן?" גוט איך האב זיך אפגערופן. די אינגלעך פלעגן אפווארטן די מיידלעך פון דער שולע און זיי "באמבארדירן". געפירט מלחמה. "מיר האבן אייך נישט דערקענט. אנטשולדיקט. פון ווייטן זעט איר אויס ווי א שילערין". "און די מיידלעך דארפט איר אטאקירן? שיין וואלט איך אויסגעזען נאך אייער "באמביאזשקע". "די מיידלעך ווילן מיט אונדז ניט פארברענגען ניי-יאר." "פרובירט מיט גוטן, אן אייערע "באמבעס", וועלן זיי קומען". דער גאנצער צענטער קלאס באגלייט מיך שוין אהיים. אלע בעטן: "העלפט אונדז צוגרייטן דעם ניי-יאר באל". "אויב איר וועט נישט פירן קיין מלחמה", ענטפער איך.

פרעגט ניט, וואס עס האט זיך געטאן. מען האט זיך געגרייט א לאנגע צייט. "האסט געמאכט א גאנצע רעוואלוציע", זאגט דער דירעקטאר. "אפילו די גרעסטע לאבוסעס העלפן צו".

דעם 31־טן דעצעמבער, 1950, האבן זיך אין גרויסן זאל פארזאמלט די אינגלעך מיט א פאר נישט פארהייראטע לערער צו פייערן ניי־יאר. איך האב זיך ביי זיי אויך גערעכנט "באַלאַסטאַיאַ" (נישט פארהייראט). אויסגעפוצט שטייען די אינגלעך און ווארטן אויף די מיידלעך. "ווי זע איך אויס?" פרעגט א הויכער, שיינער יונג. "אויסגעצייכנט".

שעמעוודיק, צו צוויי, צו דריי, זייער באשיידן, אין אוניפארמס, מיט ווייסע יום־טובדיקע שירצן, ווי בליענדע בעריאזקעס, באווייזן זיך אין טיר די מיידלעך. גלאט פארקאמט, אין די לאנגע צעפ אריינגעפלאכטן ווייסע אדער קאלירטע באנטן. יונג און פריש. א בוקעט פון שיינע, שמעקעדיקע, רייצענדע ראזעס. געלאסן, נישט צעלאזן, מיט גרויס רעספעקט צו די לערער און צו אלעמען, דערמאנען זיי אמאליקע גימנאזיסטקעס. "קראָוו ס׳מאָלאָקאָם," "בלוט און מילך," ווי די רוסן זאגן. א גרויסער אונטערשייד צווישן יענער יוגנט און דער היינטיקער.

"גייט, נעמט אויף אייערע געסט", זאג איך. "לאזט זיי נישט שטיין ביי דער טיר".

ס׳איז געווען א ווונדערבארער אוונט. "איר זעט, מען דארף נאר וועלן און זיך ווייסן ווי צו פירן, וועט איר שטענדיק האבן דערפאלג און גוט פארברענגען". פון דערמאלט אן פלעגן די אינגלעך איינלאדן די מיידלעך אויף זייערע אונטערנעמונגען און די מיידלעך די אינגלעך. ס׳איז געווארן שלום בית.

די לערער פלעגן אויך מוזן זיין סקראמנע אנגעטאן, נישט ראשעדיק. קיין צירונג האבן לערער ביז די זעכציקער יארן נישט געטראגן. אויף אלץ קומט א צייט. א יונגע לערערין האט ריזיקירט אנצוטאן א געבלומט קליידל, פארשפילעט פון הינטן אויף א סך קליינע קנעפּלעך, און האט באצאלט א פרייז. כ׳האב דאס פארויסגעזען, ווארן איך איר: "וואליא, דאס איז א קלייד צו גיין אין טעאטער, נישט אין די שולע." וואליא דרייט זיך אין שפיגל, באטראכט דאס קלייד פון אלע זייטן: "אזא שיין קליידל, פון אויסלאנד, באצאלט אזויפיל געלט." וואלענטינא וואנאוונא וויל אלע זאלן זען, ווי שיין זי זעט אויס אין איר אויסלענדישן נאריאד. "דו פארגעסט, מיין פריינד, ווו דו געפינסט זיך."

ס׳איז געווען א שווערע צייט. פרישע ווונדן, אלץ נאך אנגעווייטיקט, געבלוטיקט און געטרויערט. צעשטערטע לעבנס, פרויען מיט קינדער, אן מענער, אין געיעג נאכן שטיקל ברויט, שטעלן קינדער אויף די פיס. ווועמען פון די מאמעס איז געלעגן אין קאפּ וואלענטינא איוואנאוונא מיט איר אויסלענדישן נאריאד. די אינגלעך זיינען ניט געווען צוגעווווינט צו קיין ראָסקאָש. זיי פלעגן הערן יעדן טאג, ווי די מאמע באקלאגט זיך אויף איר שווערן גורל. און דאס דייטשישע קלייד האט ארויסגערופן ביי זיי נישט ווילנדיק, א נעגאטיווע רעאקציע. וואלענטינא האט דאס ליידער נישט פארשטאנען.

דער קלאס איז געגאנגען אויף רעדלעך. ווי נאר וואלענטינא דרייט זיך אויס, שרייבט עפּעס אויף דער טאפל, הויבן די אינגלעך אן צו ציילן די קנעפּלעך. קיינער הערט נישט, וואס זי רעדט. "איינס, צוויי, דריי, פיר,

פינף, זעקס״... ״25״, שרייט איינער. ״ניין, ״32״, ״33״, ״טשטאָ טי, 35״. ״וואס קומט דא פאר?״ פרעגט דער דירעקטאר. ״זיי ציילן די קנעפלעך״. און ווייל דאס זיינען געווען קליינע קנעפעלעך און וואלענטינא איוואנאוונא דרייט זיך אהין און אהער, איז געווארן אריינגעצויגן דער גאנצער קלאס, 14-15 יעריקע. אלע ציילן, מע זאל חלילה נישט מאכן קיין טועת. די ״מאדניצע״ מיט די 36 רויטע קנעפלעך, פון אויבן ביז דער טאליע, שטייט רויט און טויט. זי קען זיי ניט באַרואיקן. דער גלעקל קלינגט, דער טומל ווערט נאך גרעסער. ״טריצאט שעסט אי טאטשקא״, זאגט דער בעסטער ״מאטעמאטיקער.״ (זעקסאונדרייסיק).

״וואס ביסטו אראפּגעקומען אויסגעפּוצט און אויסגעמאלעוועט, ווי א פּאיאץ אין צירק?״ פרעגט דער דירעקטאר. 25 יאר אין דערזעלבער שולע, נאך געלערנט זייערע טאטעס. געוווסט, ווער ס׳איז אומגעקומען, מיטגעפילט די מאמעס. ״מער זאל איך דאס נישט זען״.

וואלענטינא איוואנאוונא האט שוין מער ניט געהייסן וואלענטינא. ״פוגאָוויטשקא״ פרישלא, ״דער קנעפּעלע״ איז געקומען, ״פוגאָוויטשקא״ אושלא, (איז אוועקגעגאנגען) ״פוגאָוויטשקא״ איז קראנק געווארן, ״פוגאָוויטשקא״ איז אוועקגעפארן.

״גרוניא, וואס האב איך אזוי געזינדיקט? וואס ווילן זיי פון מיר?״ זיך געפרייט מיט איר אויסלענדיש קליידל, געוואלט די גאנצע וועלט זאל זיך פרייען צוזאמען מיט איר. יונג איז יונג. אז אך און ווי צום געלעכטער. כ׳האב פּרובירט א פאר מאל ריידן מיט די אינגלעך. ס׳האט גאר נישט געהאָלפן. ״זי איז א קנעפּעלע און פאַרטיק״, איז געווען זייער ענטפער.

# א נס פון גאט פאר ראש השנה, 1953

אין א שיינעם, זומערדיקן פרימארגן, 1951, בין איך געקומען פון אוראל קיין ראוונע. א מאל א יידישע שטאט, היינט — א ביסל אנגעלאפענע יידן פון פארשידענע שטעטלעך.

קיין קאלכאזן (קאלעקטיווע ווירטשאפטן) זיינען אין ראוונע נאך ניט געווען. די פויערים האבן געהאנדלט פריי. יעדן זונטיק אראפקומען אין שטאט מיט אייגענע פערד און וואגן. פארקויפן, ווי א מאל: עפל אויפן עמער, אוגערקעס אויפן שאק, הינער, מעל, פרישע שווארצע און ווייסע קיילעכדיקע ברויט, פרישע פוטער, געשמאקע קעז, זיסע סמעטענע, פון כל־טוב. א קאלאסאלער אונטערשיד פון לעבן אין סיביר.

געשיקט האט מען מיך ארבעטן אין א אוקראינישע שולע פאר אינגלעך, אלע פון די ארומיקע דערפער, פארביסענע נאציאנאליסטן. זייערע עלטערן, געוועזענע באנדעראווצעס, פלעגן העלפן די נאציס אין זייער געיעג נאך יידן, ראבעווען דאס יידישע האב און גוטס. די שפורן פון חורבן זיינען נאך געווען פריש.

איר קענט זיך פארשטעלן מיין ביטער הארץ, ווען איך בין אריין אין קלאס 10. אויף מיר האבן געקוקט בייזע אויגן פול מיט שנאה, וועלכע האבן זיך נאך אלץ ניט געקענט צוגעוואוינען ניט צום נייעם סאוועטישן רעזשים, ניט צום געדאנק: מען האט ניט אויסגעקוילעט אלע יידן. זיך אזוי געסטארעט ..

צום ערשטן מאל נאך צען יאר איז אריין אין קלאס א יונגע, יידישע לערערין. אויף דעם האבן זיי זיך ניט גערעכנט. די ערשטע צייט איז געווען זייער אן אנגעשטרענגטע אטמאספערע. זיי וואלטן מיך דערטרונקען אין א לעפל וואסער. ניט גרינג צו שפילן די ראלע, זיך מאכן תמעוואטע, איך פארשטיי גאר ניט.

אויסגעהונגערט פון דער מלחמה און נאך דער מלחמה, זיבן יאר ניט געהאט א שטיקל ברויט צו זאט. איך האב אויסגעזען ווי א שילערין, ניט ווי קיין לערערין. באלד האבן זיי אבער דערפילט, אז מיט דער "זשי־דאווקע" קען מען קיין "קונצן" ניט פראווען, ניט ארויסווייזן דאס חזיר פיסל.

"צייטן בייטן זיך. פארגעסט ניט, די דייטשן זיינען שוין דא ניט די באלעבאטים, און אויב איר ווילט דאס ניט פארשטיין, וועט מען אייך דערמאנען"...

"מיינע פריינט" האבן געוווסט, "ווער" עס קען זיי דערמאנען און "ווער" עס האלט "אן אויג" אויף זיי.

מיין "אויג" האט אויך עפּעס באמערקט, פארדעכטיקט, עפּעס "דערשמעקט", ווי מען זאגט. איך בין טאקע געווען גערעכט. צוויי יאר שפּעטער איז איינער פון די שילער פּלוצלינג פארשוווּנדן, א שעה שפּעטער צוריקגעקומען, ביי דער טיר ארויסגעכאפּט פון קעשענע א נייעם, דייטשישן רעוואָלווער. טראך! באך! פארטיק, געשאסן זיך אליין אין קאפּ. ס'איז געווארן א סומאטאכע. ביז די גוטע "בשורה" איז דער־גאנגען צו מיר אויפן דריטן שטאק, איז דער "העלד" שוין געווען אין שפּיטאל. צום גליק איז ער געבליבן לעבן.

"זעסט, ווי דו דערפירסט די שילער, צוליב דיר איז באנדארענקא באגאנגען זעלבסטמארד", גיט א זאג מיין שכן, אויך א לערער. איך בין געבליבן שטיין, ניט געקענט זיך רירן פון ארט.

א שיכור, געלעבט מיט מיר אין דערזעלבער דירה, אין איין קיך. מקנא דארפט איר מיר ניט זיין, א נידעריקער נפש. און דער שטייט און מוסרט מיך, גוט דערלעבט, אויסטראכטן אזא בלבול אינמיטן העלן טאג!

"רבונו של עולם, ליבער גאט, גיב מיר כוח אויסצוהאלטן", מורמל איך צו זיך אליין.

דער קלאַנג האט זיך פארשפּרייט איבערן שטאט, ווי אן אנשטעקנדע קרענק. די רציחה צו דער "זשידאווקע" איז געוואקסן פון טאג צו טאג. עס איז מיר געווארן א ביסל קאלעמוטנע אויפן הארצן.

"וויפל מען שלאגט זיי איז ווייניק. די דייטשן האבן זיי געשלאגן, די פּאליאקן, מען קען זיי גאר ניט אויסהרגענען. ווי שוואמען וואקסן זיי אויס פון אונטער דער ערד. איך וועל ארויסלאזן דיין גאנצע בלוט דא, אין קארידאר. כ'וועל דיך צעטרעטן מיט די פיס, ווי א פלוי. ס'וועט נאך קומען די צייט." אזוי פלעגט מיך "באגלייטן" זיין שוויגער און א קלאפּ טאן מיט דער טיר. וויפל מאל אויסבאהאלטן איר מיט דער טאכטער פון זיינע קלעפּ... "יאק בעדא, טא דא זשידא", אלץ פארגעסן...

"שרייב אן אויף איר א ראפּארט, וועט מען איר אראפּנעמען פון דער ארבעט און פארשיקן צו אלע רוחות", שלאגט פאר א געוועזענער גענע־ראל, יענער "פויגל."

"איך קען דאס ניט טאן. זי איז א גוטע לערערין." זאגט דער דירעקטאר, א געוועזענער פּארטיזאן. עס האט זיך אנגעהויבן פאר מיר א גיהנום; מען איז מיר נאכגעגאנגען אויף שריט און טריט; ארויסגערופן די שילער עדות זאגן קעגן מיר, אונטערשרייבן אלערליי פּאפּירן. קיין איינער איז ניט געווען מסכים. א ספּעציעלע קאמיסיע איז געקומען זוכן "פליגן", ניט געפונען. איך קען מיין פאך.

די קאמיסיע איז אוועק, אלע זיינען נייגעריק: "וואס וועט זיין דער סוף? ווי לאנג וועט די "זשידאווקע" זיין אויף דער פריי?"

איך ווייס נאך אלץ ניט אויף וועלכער וועלט איך בין. פאר ראש השנה איז געשען א נס. מען האט מיך ניט אראפּגענומען פון דער ארבעט, ניט "אריינגעזעצט", ניט פארשיקט "צו אלע רוחות." איך בין געבליבן אין דערזעלבער שולע. מיינע שונאים האבן פארמאכט די מיילער, ס'איז געווארן שטיל. נאר דעם דירעקטאר האט מען צייטווייליק אראפּגענומען פון זיין פּאסטן. איך בין אים נאכגעלאפן, זיך געבעטן: "נעם א העלפט פון מיין פארדינסט", פאר קיין שום געלט ניט.גיי זוך גערעכטיקייט אין אזא פאלשע וועלט.

קאוואלענקא האט זיך גוט געהאלטן. א שטילער, געלאסענער מענטש, שטענדיק מיט א שמייכל, מיט א וויץ. מיר פלעגן אפט שמועסן.

א פאר מאנאט שפּעטער, איז ער ווידער געווארן דירעקטאר אין א נייע שולע. איך בין געווען אין זיבעטן הימל פאר פרייד. "גיי אריבער צו מיר! מיר וועלן זיי ווייזן, וואס מיר קענען." "גיי, אז מען לאזט ניט." "פארוואס"? "פרעג ניט קיין שאלות", פרעג איך ניט...

ס'איז אדורך 15 יאר. דעם "סוד" פון באנדארענקאס זעלבסטמארד האט קיינער פון אונדז ניט געוווּסט, וויפל מיר האבן זיך ניט געבראכן דעם קאפּ. ס'איז פארבליבן א רעטעניש.

"ווער האט געדארפט זיין דער קרבן", פרעגט מיך אומגעריכט קאוואלענקא. "איך, דו צווייפלסט נאך?" "ביסט שוין איינמאל א מבין"... עס האט זיך ארויסגעוויזן, דער קרבן האט געדארפט זיין קאוואלענקא אליין.

ווער וואלט דאס געקענט גלויבן. באנדארענקא האט ניט געהאט די דרייסטקייט מקבל פנים זיין דעם דירעקטאר גלאט אזוי מיט א קויל אין קאפּ. עפּעס האט זיך אין אים א ריר געטאן. אפשר, זיין געוויסן, ווי לאנג קען מען פארגיסן אומשולדיק בלוט? מסתמא דערעסן געווארן זיין "פאך", זיך אפּגעגעבן א דין וחשבון, וואס עס ווארט אויף אים. ער איז צו ווייט פארקראכן... איז בעסער אליין, זיך געבן א קויל אין קאפּ.

אויף וועמען ווארפט מען ארויף די שולד, אויב עפּעס געלונגט ניט. ווער איז די ערשטע, בעסטע כפרה? די "זשידאווקע", זי האט דערפירט. אזוי האט מען "פארווישט" די שפור, געמאכט דאס חזיר פיסל כשר. סוף כל סוף האבן אים זיינע אייגענע עלטערן אפּגעסמט, ער זאל ניט ארויסגעבן די נעמען. רוסיש זאגט מען: "סאָבאַקע סאָבאַטשאַ סמערטש", ווי א הונט געלעבט, ווי א הונט געשטארבן.

מיר זיינען פארבליבן מיט קאָוואַלענקאָ די בעסטע גוטע פריינט, ביז מיין אוועקפארן קיין קאנאדע. ווי קען מען פארגעסן אזא זעלטענעם, ערלעכן, גוטהארציקן מענטש, ווי גריגארי סטאסיעוויטש קאוואלענקא?...

# דריי מעטער האלץ

ביז 1953 זיינען די אוקראינער נאציאנאליסטן נאך געווען אין די וועלדער, מורא געהאט קומען א היים, מען זאל זיי ניט משפטן. אויף זייער געוויסן זיינען געווען ניט נאר יידן. ביינאכט פלעגן זיי אנפאלן אויף קאמוניסטישע פירער און גרויסע נאטשאלניקעס. יעדן טאג קרבנות. קיין איינער פון די קעי־דזשי־בי־חברה האט ניט ריזיקירט צו בלייבן נעכטיקן אין א דארף אדער א קליין שטעטל, ווייל אויף מארגן וואלט מען אים געבראכט אין שטאט א טויטן. נאך דער מלחמה זענען קיין סך בעלנים ניט געווען צו ארבעטן פרייוויליק אין מערב אוקראינע. אין שטאט זיינען אויך ניט אלע געווען זיכער מיט זייער לעבן.

א האלב יאר פאר סטאלינס טויט, צום טאג פון דער סאציאליסטי־שער רעוואלוציע, האב איך באקומען אן אויסצייכענונג פאר מיין גוטער ארבעט. אין משך פון עטלעכע יאר געווען די איינציקע לערערין פון דייטש מיט הויך בילדונג. אין די דערפער ארום ראוונע און אין דער שטאט גופא, האבן געארבעט אוקראינער אן פעדאגאגישע דערפארונג. זיך אויסגעלערנט א ביסל דייטש אין די יארן פון דער אקופאציע. ווער רעדט שוין וועגן צוגרייטן די שילער צו עקזאמענס. דער לערער אינסטי־טוט פלעגט ארגאניזירן זומער קורסן פאר די אזוי גערופענע "לערער", כדי זיי א ביסל ארויסהעלפן. מען האט מיך איינגעלאדן צו ארבעטן אויף די קורסן. איך קום אריין אין קלאס, עס זיצן ארום 40 געזונטע, יונגע "פראפעסארן." "לערן אונדז ניט קיין גרויסע תורה, ווי דער דירעקטאר, דערקלער בעסער אלע איבונגען פאר דער מיטלשולע", זאגט איינער פון זיי. יענע ארבעט.

יעדן טאג 4 שעה שרייבעריי, אלערליי איבונגען. זיצן ביז שפעט ביינאכט, אויסבעסערן זייער "פאטשקענינע", און אזוי דעם גאנצן זומער. דער דירעקטאר איז געווען צופרידן, ער דארף ניט זיצן מיט די "דיסערטאציעס". מען פארדינט טאקע א סך מער אין די דערפער, אבער קיינער וויל ניט לעבן אין א דארף. דאס לעבן איז דארט א סך שווערער. אין שטאט זיינען אויך געווען פראבלעמען, באזונדערס האלץ און קוילן. קוילן פלעגט קריגן מיין מאן, געהאט באקאנטשאפט. האלץ — פאר קיין שום געלט ניט. מיט דעם פלעגט זיך פארנעמען אין אונדזער שולע דער פראפעסיאנעלער פאריין פון די לערער (די יוניאן). שיקן דעם דזשעניטאר אין וואלד און ברענגען יעדערן האלץ אויף ווינטער.

איך פרעג מיין מאן: "וויפל זאל איך בעטן?" זאגט ער: "בעט וואס ווייניקער. וועסט בעטן א סך, וועט מען דיר גאר ניט געבן". "זאל זיין, ווי דו זאגסט". איינער בעט 6 מעטער האלץ, דער צווייטער — 7 מעטער, איך בעט אינגאנצן 3 מעטער האלץ. נאר וואס געקראגן אן אויסצייכענונג פאר מיין גוטער ארבעט, א מיטגליד אין דער לערער

יוניאן, געוועזן זיכער, מען וועט מיר געבן. איך וואַרט און וואַרט. ס׳איז שוין קאַלט, פרעג איך דעם דזשעניטאָר: ״ווען וועסטו ברענגען האָלץ פאַר מיר?״

דעם אמת פּאַסט אים ניט צו זאָגן, דרייט ער זיך אַרויס, ווי ער קען. איך הער די לערער ריידן צווישן זיך: ״מער פאַרט מען ניט אין וואַלד, אַלע האָבן שוין האָלץ אויף ווינטער, אַפילו די נייע לערערין, וואָס אַרבעט אינגאַנצן איין מאָנאַט.״

איך גיי נאָך אַ מאָל צו צום דזשעניטאָר און זאָג: ״אפשר האָט מען פאַרגעסן אַריינשרייבן מיין נאָמען אין דער ליסטע, אַלעמען האָט מען שוין געבראַכט האָלץ, נאָר מיר ניט. לאָמיר זען.״ ער וויל מיר ניט ווייזן. גיב איך אַ נעם די ליסטע פון טיש, און ס׳איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן. מיט גרויסע בוכשטאַבן איז געווען אָנגעשריבן לעבן מיין נאָמען: ״אַפּזאָגן״. ״נישט געבן״.

״פאַרוואָס האָסטו מיר גלייך ניט געזאָגט? וואָס האָסטו געשוויגן?״ ״ס׳איז מיר געווען ניט אָנגענעם דיר צו זאָגן, איך בין ניט שולדיק, דער פּאַרטיי סעקרעטאַר האָט אויסגעמעקט דיין נאָמען.״ אויפגערעגט לויף איך אַריין צום דירעקטאָר אין קאַבינעט. דער סעקרעטאַר זיצט זיך באַק־ווען און שמועסט מיטן דירעקטאָר, זיך ניט געריכט אויף מיר.

״פאַרוואָס האָט מען אַלעמען געבראַכט 6־7 מעטער האָלץ און מיר אַפילו קיין איין מעטער ניט?״ פרעג איך. ״מיט וואָס האָב איך אַזוי געזינדיקט?״ ״ס׳האָט ניט געקלעקט״, ענטפערט מיר דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי אָרגאַניזאַציע, אַ לערער פון אוקראַיִניש. ״אויב איך האָב ניט פאַרדינט קיין איין מעטער האָלץ, פאַרוואָס גיט איר מיר אָן אויסצייכענונג פאַר מיין גוטע אַרבעט? נאָר אויפן פּאַפּיר בין איך גוט, דער פינפטער פּונקט גייט ניט אונטער?״ (דער פינפטער פּונקט אין אַלע אָנקעטן איז אייער נאַציאָנאַליטעט). איך האָב אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און אַרויס פון קאַבינעט. ״אַזאַ אומגערעכטיקייט! נאָר ווייל כ׳בין אַ ייִדישע״.

אַ פּאָר טעג שפּעטער רופט מען מיך פון פּלוצלינג אַרויס אין אַבקאָם (פּאַרטיי קאָמיטעט פון דער גאַנצער פּראָווינץ). ״מען וועט דיך קומען נעמען״, זאָגט דער דירעקטאָר. קלער איך מיר: ״דאָס איז פאַר דיין צונג, וועסט גוט באַצאָלן. רייד נישט, וואָס מען דאַרף ניט.״ נאָך מיטאָג איז צוגעפאָרן אַ נייער אויטאָמאָביל, דער שאָפער איז אַריין, געפרעגט, ווו איך בין: ״מען האָט מיך געהייסן דיך ברענגען״. אַלע קוקן, פרעגן. כ׳ווייס אַליין ניט. מיין האַרץ קלאַפּט: טוק, טוק, טוק. וועבטער ביים אַריינגאַנג, וועבטער אין קאָרידאָר, אויף יעדן שטאָק. די נשמה איז ביי מיר שוין אין די פּיאַטעס. ״אַריין ביסטו אַריין, צו דו וועסט אַרויסגיין ווייס גאָט״...

איך עפן די טיר. א פרוי פון א יאר 35, מיט א האלבע קאפּ גרויע האר, קומט מיר אנטקעגן, גיט מיר די האנט: "גוט אוונט". "גוט אוונט", ענטפער איך. איך ווייס נאך אלץ ניט, וואס עס ווארט אויף מיר. "זעצט זיך", שלאגט מיר פאר די יונגע פרוי. א ברירה האב איך? פאמעלעך זעץ איך זיך אויפן סאמע ענד פון ווייכן פאטעל, קוק זיך שטיל ארום. אזוי שיין, זויבער, טייערע קילימער אויף דער פאדלאגע. "איך בין די דריטע פארטיי סעקרעטארין פון דער פראווינץ און קלייב זיך צו פארן לערנען קיין מאסקווע אין דער פארטיי אקאדעמיע. מען האט מיר דיך פארגעשלאגן, אלס איינע פון די בעסטע לערער פון דייטש. צי וואלסטו געקענט מיר העלפן צוויי מאל א וואך און צוגרייטן צום עקזאמען. כ׳וועל באצאלן. וויפל ווילסטו?".

ס׳איז מיר געווארן א ביסל גרינגער. "א דאנק, איך נעם קיין געלט ניט פאר קאנסולטאציעס. כ׳קריג באצאלט פאר מיין ארבעט פון דער מלוכה". "שעם זיך ניט. דאס איז דאך פריוואט, נאך דער ארבעט, דיין פרייע צייט". "ניין! ניין! איך דארף ניט קיין געלט! אין אזא קורצע צייט ווייס איך ניט, צי כ׳וועל אייך קענען א סך העלפן, כ׳וועל פרובירן". זי האט מיך אויסגעפרעגט, ווו איך ווין, צי איך האב א דירה, ווו איך האב שטודירט? און אנדערע פראגן. זייער דעליקאט האב איך געענטפערט: "קיין דירה האב איך ניט. כ׳ווין פריוואט, אין א קליינע, זייער קאלטע דירה". "האסט שוין קוילן מיט האלץ אויף ווינטער?" "קוילן יא, האלץ איז שווער צו קריגן".

ס׳איז אדורך עטלעכע וואכן. דער שאפער פלעגט קומען יעדע פאר טעג מיך נעמען. שווייגנד ברענגען און שווייגנד פירן א היים. מיר פלעגן זיצן אין איר קאבינעט צוויי־דריי שעה און לערנען. זי איז געווען זייער א פעאיקע תלמידה. צופיל צייט איר צוצוגרייטן איז ניט געווען. וואס טו איך, אויב זי לייגט ניט אפּ דעם עקזאמען? "אז אך און וויי וועט זיין צו דיר", קלער איך. איינמאל קום איך א היים און געפין א גאנצן וואגן האלץ נעבן מיין שטאל. ס׳ליגט, זאל ליגן. אפשר דער באלעבאסטעס. עס גייט אדורך א טאג, צוויי, דריי, א גאנצע וואך. דאס האלץ ליגט. "זע נאר," זאג איך. "אוועקגעלייגט נעבן מיין שטאל און ס׳ליגט. מען וועט נאך צוגנבענען ביינאכט דאס האלץ און באשולדיקן די "זשידאווקע." איך פרעג דער באלעבאסטע: "ס׳איז אייערע האלץ"? "ניין!" "ווּעמעס האלץ איז דאס?" "איך ווייס ניט. אימיצער האט געבראכט, גארניט געזאגט, אויסגעשאטן נעבן דיין שטאל און אוועקגעפארן". "עפּעס א רעטעניש", ווער ווארפט זיך היינטיקע צייטן מיט האלץ?" א וואך שפעטער קום איך צו מיין "שילערין", פרעגט זי מיך: "נו, וואס הערט זיך? האסט שוין האלץ אויף ווינטער?" "ניין!" אימיצער האט אויסגעשאטן א וואגן האלץ נעבן מיין שטאל, געמאכט א טעות, און ס׳ליגט. קיינער קומט ניט פרעגן". "ס׳איז דיין האלץ, איך האב

דיר געשיקט. באהאלט, כל־זמן מען האט ניט צוגעגנבעט". "כ'האב ניט געבעטן". "איך אליין האב דיר געשיקט". "א דאנק".

א צופרידענע קום איך אהיים: "נחום, ס'איז אונדזער האלץ, א מתנה פון מיין "תלמידה." מיר האבן זיך זייער דערפרייט. א קורצע צייט שפעטער איז מיין שילערין אוועקגעפארן קיין מאסקווע. מיט אומגעדולד ווארט איך אויף איר. ענדלעך קומט דער שאפער שפעט ביינאכט, קלאפט אן אין טיר און זאגט: "זי וויל זאלסט קומען". "אזוי שפעט? באלד וועסטו קריגן פון איר יענע פארציע"...

איך בין ארייז ווי שטענדיק אין איר קאבינעט. קיינער האט ניט פארלאנגט מיין פאספארט. מען האט שוין געוווסט, ווער איך בין און צו וועמען איך גיי. "אנטשולדיק, געוואלט דיר זאגן די גוטע בשורה. מען האט מיך געלויבט אין מאסקווע, געפרעגט ווו און ביי וועמען איך האב געלערנט. א דאנק. ביסט א גוטע לערערין. וויפל קומט דיר?" "גאר ניט. מיין גרעסטע סאטיספאקציע איז אייער דערפאלג." זי האט מיט כוח אריינגעלייגט מיר אין קעשענע א מתנה, באגלייט צום ארויסגאנג, נאך א מאל געדאנקט. מיר האבן זיך געזעגנט. דער שאפער האט צום לעצטן מאל געפירט מיך אהיים. זי איז אוועקגעפארן קיין מאסקווע, מער האב איך איר ניט געזען.

# די ערשטע שריט אין קאנאדע

שפעט פארנאכט, דירעקט פון מאסקווע, זיינען מיר אנגעקומען קיין מאנטרעאל. זיך א ביסל אפגערוט, געקומען צו זיך, נאך אזויפיל איבערלעבונגען, און דא האבן זיך אנגעהויבן די ערשטע פראבלעמען.

ביידע טעכטער פיאניסטן, אויסגעקליבן דאס אלס פאך. קיין פיאנא האבן מיר ניט מיטגעבראכט. ניטא ווו צו פראקטיצירן. אין "דזשוליארד־סקול" קען איך זיי ניט שיקן, זיי פארלירן די טעכניק. וואס טוט מען? מיר זיינען געווען זיכער, דאס יאר איז פארפאלן. ווער וועט וועלן האבן צו טאן מיט רוסישע אימיגראנטן, נאך פאר קריסטמעס. וווּנדערט זיך ניט. עס האבן זיך געפונען גוטע מענטשן אין דער פריוואטער מוזיק־שול "ווין־סאן־דענדי", איינע פון די בעסטע אין מאנטרעאל.

דוקא פאר קריסטמעס איז געשען דער נס. מען האט מיינע קינדער אויסגעהערט, און נאך א קורצן שמועס מיט די לערער, פרעגט די דירעקטארין, סיסטער סטעלא פלאנט: "ווער וועט נעמען צוויי נייע שילער, נאר וואס געקומענע פון רוסלאנד, וועלכע ריידן נישט קיין פראנצויזיש און נישט קיין ענגליש?"

צוויי נאנעס, סיסטער ריטא דע לא קרוא און סיסטער נאטאלי האבן געלערנט ביידע טעכטער א האלב יאר אן א גראשן געלט, געגעבן זיי די מעגלעכקייט צו פראקטיצירן יעדן טאג. "ס'איז דא א גאט אין הימל", קלער איך מיר.

צום ערשטן מאל בין איך געקומען אין "ווין־סאן־דענדי" צו א קאנצערט פון די סטודענטן. מיינע קינדער האבן אויך אנטייל גענומען. די עלטערע טאכטער שטעלט מיך פאר: "דאס איז מיין מאמע". "באן סואר, מעדאם", גיב איך א זאג. "מא, מען טאר זיי ניט רופן "מעדאם", זיי זיינען נאנעס".

גיי ווייס, ווער פון זיי איז א נאנע און ווער ניט. אלע אנגעטאן מאדערן, ניט ווי אמאליקע מאנאשקעס אין ספעציעלע קליידער. שווייג איך שוין, כדי ווידער ניט זאגן קיין נארישקייט.

אויפגענומען מיך, ווי א חשובן גאסט. ווער וואלט זיך דאס געקענט פארשטעלן אין רוסלאנד, אז מיינע קינדער וועלן זיך לערנען ביי מאנאשקעס, אין א קאטוילישע שול, ווו אין יעדער קלאס הענגט א צלם אויפן וואנט און מען באהאנדלט זיי אזוי מענטשלעך. ווער בין איך? אן אימיגראנט, ניט קיין קאטאליטשקע, רייך אוודאי ניט. מען פירט מיך ארום איבער דער גאנצער שול, מען ווייזט מיר אלע קלאסן.

אזוינס האב איך נאך ניט געזען. אין יעדער טיר - א פענצטערל. איינע פון די נאנעס קוקט אריין פון צייט צו צייט, וואס מען טוט. נאר שפילן, פראקטיצירן, טאג איין, טאג אויס.

די מוזיק שול שטייט אויף א בארג, זייער זויבער. די פארקעטן בלישטשען, ווי א שפיגל. דורך די פענצטער זעט מען די גאנצע שטאט. עס מאכט א שטארקן איינדרוק.

איך האב באדאנקט מיינע באגלייטער פאר דעם טור און אריין אין זאל. דארט זיינען געווען א סך מענטשן: עלטערן, באקאנטע, געסט. דער קאנצערט איז געווען אינטערעסאנט, אויף א הויכן פראפעסיאנעלן ניווא. פון דעמאלט אן פלעג איך ניט אדורכלאזן קיין איין קאנצערט.

אין "ווין־סאן־דענדי" טרעטן אפט ארויס די בעסטע מוזיקער פון דער גאנצער וועלט, אויך פון רוסלאנד. איינמאל זיינען געקומען צוויי בארימטע זינגער: דמיטרי גנאטיוק און יעווגעניא מיראשניטשענקא.

"איך וואלט אזוי געוואלט גיין", זאגט די יינגערע טאכטער. "מיר קענען זיך דאס נאך ניט דערלויבן, מיין קינד. עס קאסט צו טייער".

פארנאכט קומט "די קליינע" פון דער שולע, איר פנים שיינט. זי לויפט אריין אין קיך:

"מא, סיסטער נאטאלי האט מיר געגעבן א מתנה צו מיין געבורטסטאג", און לייגט אוועק אויפן טיש פיר בילעטן, זייער גוטע פלעצער. "פאר אלעמען". "דאס זיינען דאך אייערע לאנדסלייט, גייט און האט פארגעניגן".

א שיינקייט פון א נאנע. אויף אזא מתנה האבן מיר זיך ניט געריכט.

די וועלט פון קונסט האט ניט קיין גרענעצן.ביידע נאנעס זיינען געזעסן לעם מיר, געבעטן איבערזעצן יעדעס ליד. די קינדער קוקן, ווי זייער מאמע פירט א "שמועס" מיט די נאנעס אויף איר צעבראכענעם פראנצויזיש און שמייכלען זיך אונטער "אין די וואנצעס."

א מענטש איז נאר א מענטש. טרערן זיינען נישט ווילנדיק געפלאסן פון מיינע אויגן. אלץ איז נאך געווען פריש אין זכרון. עס האט מיר א קלעם געטאן ביים הארצן. פארט 22 יאר געלעבט אין אוקראינע, די קינדער זיינען דארט געבוירן, אויסגעוואקסן, געגאנגען אין די שולע...

מיט וואס האב איך פארדינט אזא כבוד פון פרעמדע מענטשן, ניט קיין יידן, נאנעס, אין א נייעם לאנד, ווייס איך ניט. ס'איז טאקע א גרויסער וואונדער. גאנץ קאנאדע איז א וואונדער.

# אין דער פרעמד.

ס׳איז געווען א קאלטער, ווינטערדיקער טאג. שניי, אריבער די קני. א פרעמדע שטאט, אומבאקאנטע, ״טויטע״ גאסן, פרעמדע פנימער, א פרעמדע שפראך.

די שולע פאר אימיגראנטן — אין דע לא פרערי. צוויי שעה אהין, צוויי שעה צוריק. אין מעטרא - מענער מיט אויערריינגלעך, רעשעדיק געקליידעט. גאלדענע ״קייטן״ אויפן האלדז, צעפאטלט די האר, מיט בערד. מיידלעך - אויסגעמאלעוועט, ווי פאיאצן, פראנק און פריי. אלטע שטייען, יונגע זיצן. הפקר פעטרושקע. צו ״היפיס״ בין איך ניט געווען געוווינט, קיינמאל ניט געזען קיין ״היפיס״. עס האט מיר געשווינדלט פון זיי אין די אויגן.

דער לערער האט אנגעהויבן אונדז ״ארייננפירן״ אין א נייע, ״פראנצויזישע״ וועלט. ״באנזשור מאדאם״, ״באנזשור מעסיע״. יעדער האט געמוזט איבערחזרן נאך אים עטלעכע מאל, ביז מען האט זיך ניט אויסגעלערנט די גרויסע ״תורה״: ״גוט מארגן״, ״גוט יאר״.

נאך אזעלכע ״אוניווערסיטעטן״, איז מען געלאפן פארנעמען א פלאץ אין ״באס״. 500 מאן, פון פארשידענע לענדער, פארשידענע נאציאנאליטעטן. ווידער די מעטרא, ווידער דער ״באס״.

איך ווייז דעם שאפער דאס צעטעלע מיט מיין אדרעס, בעט אים מיר זאגן, ווען ארויסצוגיין, (אויסגעלערנט אויסנווייניק, ווי א ברכה פארן עסן), גיט ער א שאקל מיטן קאפ, און לאזט אונדז ארויס אין אלע רוחות. ער האט פארגעסן, שרייי חי־וקים.

אויפן גאס זעט מען ניט קיין נפש, קיין משוגענעם הונט. הינט האבן אין קאנאדע א בעסערן לעבן, ווי אין אנדערע לענדער. מען פירט זיי שפאצירן. די קליינינקע הינטעלעך טראגט מען אויף די הענט, אנגעטאן אין מאנטעלעך, אפילו אין שיכעלעך. עסן - דאס שענסטע און דאס בעסטע. א ״הינטישער מזל״.

כ׳לויף אהין, כ׳לויף אהער, פרוביר אפשטעלן א קאר, כ׳מאך מיט די הענט, קיינער וויל זיך ניט אפשטעלן. ס׳איז שוין ארום 1 ביינאכט. ״צו וואס האסטו דאס געדארפט?״ קלער איך מיר. ״אויף כפרות.״ כפרות אהין, כפרות אהער. ס׳איז מיר געווארן גוט קאלט, טאנץ איך אונטער אויף איין פוס, דאן אויף דעם צווייטן פוס און צייל: ״איינס, צוויי, דריי, פיר, עפן זיך שוין אויף א טיר״. צייל היינט, צייל מארגן, קיינער עפנט ניט.

״גאט, האב רחמנות״, רייד איך צו זיך אליין, ״די קינדער וועלן ניט וויסן, ווו די ביינער אונדזערע זיינען אהינגעקומען״. איך שטיי אויפן מיטן וועג און ווארט. זאל זיין, וואס עס וויל. נישטא וואס אנצווווערן.

פלוצלינג שטעלט זיך אפּ א קאר. „מיסיע, מיסיע, זיך פארבלאנדזשעט, איך בין „א גרינע", נאר וואס געקומען קיין מאנטרעאל, צום ערשטן מאל זיך געלאזט אזוי ווייט אין וועג אריין. וווּ איז מיין גאס?" איך ווייז אים דאס צעטעלע מיטן אדרעס, לאכט ער זיך אונטער.

„דארפסט שפּאנען צוריק א 10 „סטאפּס." „באָן שאַנס, מאַדאַם", און שנעל אוועקגעפארן. איך בין געבליבן שטיין אין מיטן וועג.

„פּאווּאראַטשיוואַי", זאג איך צו מיין מאן, „דאַוואַי נאַזאַד." (דריי זיך אויס און שפּאן צוריק). דורכגעפראָרן, קוים־קוים דערשלעפּט זיך א היים. „א דאנק דיר, רבונו של עולם דערפאר." „סוועט נע בעז דאָבריך לודזעי"... (ס'איז נאך דא גוטע מענטשן אויף דער וועלט).

# א חתונה

(פאר מיינע קוזינס צירל און מאיר קופערשמידט)

א קורצע צייט נאך אונדזער קומען קיין קאנאדע האט די קוזינע אונדז איינגעלאדן צו איר טאכטערס חתונה. מען האט גענומען זוכן פאר „די גרינע" לאנגע קליידער, מיר זאלן חס־וחלילה ניט פארשעמען די משפחה. קענען דען „רוסישע געסט" זיך פארגלייכן מיט אמעריקאנער?

איר קענט זיך פארשטעלן מיין יונגערע טאכטער־א שטיל, געלאסן קינד, זייער באשיידן, ניט צוגעווווינט צו אזעלכע ראשעדיקע קאלירן און צו דעם טומל פון אמעריקע, אין א לאנגע יופּיצע מיט שיך אויף הויכע קנאפּל. די יופּיצע פּלאנטערט זיך אונטער די פיס, זי גייט, ווי אויף „כאדוליעס".

מעסטנדיק די אמעריקאנער „מאדערנע" קליידער, באמערקט מיין טאכטער: „א שאד, מיר האבן ניט מיטגענומען דער באבעס ספּודניצע, דאס וואלט געווען היינט „שיק מאדערן".

דער „מאסקאראד" איז מיר ניט געווען צום הארצן, „צו שרייעדיק", ניט פאר מיר. כ'האב אויסגעקליבן דאס איינפאכסטע. וואס גייט מיר אן דער פרייז, לאזט מיר צו רו מיט אייער „שיק און בלאסק". איך פיל זיך באקוועם אין פשוטע מלבושים, ווער דארף די שטייפע, בלישטשעדיקע „מונדירן"?

גאט האט געגעבן, מיר פארן שוין צו דער חתונה. ניט אבי וווּ, אין דער שענסטער און גרעסטער שול פון מאנטרעאל. אזויפיל ליכט! 400 יידן, אויסגעפּוצט איינער שענער פון דעם צווייטן. א מאדע אויסשטעלונג, ווי אין פאריז. מענער אין סמאקינגס, מוזיק, טענץ. מען דערלאנגט צום טיש — דאס שענסטע און דאס בעסטע.

צווישן די געסט א סך געליטענע, מיט נסים פארבליבענע. אזא שמחה האב איך נאך ניט געזען. ס'איז פארבליבן "א זכר"... וויפל מען ברענט ניט און שלאגט ניט, קריכן מיר ארויס תחית המתים. מיר הויבן אן א נייעם לעבן און לאזן זיך ניט בויגן. וואס פאר א פאלק!

א ווארעמער געפיל האט ארומגענומען אלע מיינע גלידער. הערנ־דיק די שיינע, נייע העברייאישע לידער, דעם קלאנג פון מוזיק, האב איך זיך דערמאנט דאס ארעם לעבן פון אמאל. די פארשטערטע יום־טובים און שבתים. טרערן האבן זיך פאמעלעך געגומען קייקלען פאר פרייד. איך קען זיי ניט אפשטעלן.

מיין עלטערע טאכטער טאנצט מיטן טאטן, די "קליינע" האט זיך פאררוקט אין א ווינקעלע שטיל. זי קוקט זיך צו פארכישופט, וואס דא קומט פאר. אזויפיל יידן, קיין עין־הרע, א פארגעניגן צו זען.

"נעם זיך אין די הענט אריין, גרוניא. פריי זיך מיט אלעמען צוזאמען. קענסט ניט טאנצן "טשא־טשא־טשא", טאנץ, ווי דו קענסט. ווער קוקט זיך צו צו דיר? אלגא, לאמיר זיי ווייזן, וואס מיר קענען".

גאט אליין האט ניט געוואלט, מיר זאלן "פארשעמען" די משפחה. נאך "טשא־טשא־טשא" הויבט מען אן צו שפילן "קאַזאַטשאָק". "דאָס איז שוין פאר אונדז", זאג איך. מיר האבן זיך א לאז געטאן אין טאנץ. די "קליינע" טוט אויס די עלעגאנטע שיך מיט די הויכע קנאפל. זי טאנצט בארוועס, קיינער באמערקט עס אפילו ניט. די יופּיצע פארדעקט אירע פיס.

"ווי געפעלט אייך קאנאדע?", פרעגט מען מיך. "אויסערגעוויינלעך, א גאלדן לאנד. פארגעסט אבער ניט אונדזערע 6 מיליאן, אומגעקומענע מיט 40 יאר צוריק. דאס טאר מען ניט פארגעסן, קיינמאל ניט, אפילו היינט"...

# דאקטאר גאק

אין מאנטרעאל זיינען די רוסישע פלאמבעס אויף מיר ברוגז געווארן און פארשווונדן. וואס האט זיי געפעלט ביי מיר אין מויל? זיי געוואשן און געפוצט דריי מאל אין טאג. ווייזט זיך ארויס, ס׳איז זיי ניט געפעלן געווארן דאס עסן אין קאנאדע. למשל: א סטעיק. נא דיר גאר א נייע אנשיקעניש, קייען האלב רויע פלייש, משוגעים.

נו, און אויב עס געפעלט אייך ניט קיין סטעיק, דארף מען אזוי האנדלען, אנטלויפן? ווי אפט עסן מיר א סטעיק? א מאל אין א נאווינע, ווען מען לאדט איין צו גאסט און מען דערלאנגט אייך א סטעיק. קען מען זיך דאך ניט אפזאגן, מוז מען שוין עסן. א ברירה האט איר? מיין מאן האט טאקע בעסער ליב א פולקע, א שטיקל פלאנקען, גוט אויסגעקאכט, עס זאל זיין ווייך, ווי פוטער און צוגיין אליין אין מויל. קייען מיט א האלבן מויל פרעמדע, שוואכע ציין א הארטן סטעיק איז ניט אזא גרויסער פארגעניגן. מיט איין ווארט, די נערוון האבן זיך צעבושעוועט אין די ציין, ווער רעדט שוין וועגן שלאפן. אפגעהיט זאלט איר ווערן פון ציין ווייטיק.

זאגט מען אונדז: ״גייט אריין צו דר. גאק. זי רעדט רוסיש און פויליש און וועלכע שפראכן איר ווילט, און נעמט ניט טייער״.

מיר קומען אריין. א גוטהארציקע, אינטעליגענטע פרוי, מיט א שמייכל אויף איר רונדיקן פנים, איז ארויס אונדז אנטקעגן. ״גוט מארגן״. ״גוט יאר״. זי הערט אונדז אויס: ״לאמיר זען וואס עס טוט זיך ביי אייך אין מויל. האט געדולד, כ׳וועל זען, וואס איך קען טאן״.

אריינגעקוקט אין יעדער צאן מיט איר קליינעם שפיגעלע, אים באטראכט פון אלע זייטן און נאך א פאר מינוט געזאגט: ״אלץ וועט זיין אין ארדענונג״.

אפגעסמט די צעבושעוועטע נערוון, אריינגעלייגט עפעס אין די קראנקע, צעווייטיקטע ציין, זיי באַרויִקט, אפגעטאן איר שטיקל ארבעט. ״היינט וועט איר שוין קענען שלאפן״.

״א דאנק, דר. גאק. וויפל קומט אייך?״ ״גאר ניט.״ ״וואס הייסט גאר ניט? איר האט אונדז פשוט געראטעוועט״. ״איך בין צופרידן, איך קען אייך מיט עפעס העלפן. איר זייט דאך נאר וואס געקומען. איך ווייס וואס דאס איז, אליין געווען אן אימיגראנט מיט יארן צוריק. גייט געזונט און זאל אייך זיין מיט הצלחה אין נייעם לאנד״.

מיר האבן זיך באפריינדעט, אויסגערעדט דאס הארץ איינע פאר דער צווייטער. ווי יעדער מענטש האט זי געהאט אירע פראבלעמען, איר ״פעקעלע״.

דעם טאג פון מיין אפעראציע, איז זי אוועק פון דער ארבעט, געקומען אין שפיטאל, געוואַרט, ביז מען וועט מיך ברענגען צוריק אין פאלאטע. דאס איז דאקטאר גאק.

# מאדאם אנדרי לאפאן

מיט אנדרי לאפאן האב איך זיך געטראפן אין שפיטאל צוויי טעג פאר מיין אפעראציע אויף גאלשטיינער. מיר זענען געווען אין דעמזעלבן צימער. איך בין געזעסן דעם גאנצן טאג און געלערנט ענגליש, מיטגענומען אין שפיטאל מיינע ביכער, כדי ניט פארלירן קיין צייט.

זי קוקט מיך אן און פרעגט: ״פון וואנען ביסטו?״ ״פון רוסלאנד״. ״שוין לאנג אין קאנאדע?״ ״א קנאפן יאר״. ״איך קען דיר העלפן, שעם זיך ניט, רייד צו מיר ענגליש און איך וועל אויסבעסערן דיינע פעלערן, אזוי וועסטו זיך גיכער אויסלערנען די שפראך״.

מיר האבן זיך צורעדט. זי איז געווען זייער א קלוגע, אינטעליגענטע פרוי, ניט אבי ווער. מיט יארן צוריק געארבעט אין אוניווערסיטעט מעקגיל, געשפילט די ערשטע פידל אין קווארטעט. האט צוויי טעכטער. דער מאן — אן אדוואקאט, לינק געשטימט, געוואלט שיקן די עלטערע טאכטער קיין מאסקווע נאך דער מלחמה לערנען מעדיצין. אנדרי איז ניט געווען מסכים. א פרוי מיט א שטארקן כאראקטער, גענומען ביידע קינדער און אוועק פון אים. פארלאזן מאנטרעאל, איר שיינע דירה, מיטן רייכן לעבן, זיך באזעצט אין סעינט־אגאט, געארבעט אלס קעכין אין לאגער בני־ברית, כדי צו העלפן די טעכטער זיך שטעלן אויף די פיס. זי איז געווען די ערשטע פרוי אין קוויבעק, וועלכע איז אוועק פון איר מאן, פון א גוטן לעבן, וויסנדיק, ער וועט איר מיט גאר ניט העלפן.

צו אלץ איז אנדרי לאפאן דערגאנגען אליין. געקויפט אן אלטע, גרויסע הויז אויף אלבערט סטריט און געלעבט מיט אירע קינדער. אנדרי האט געהאט א סך פריינט. יונגע דארטוירים, אינטעלעקטואלן, עלטערע מענטשן, אפילו קינדער פלעגן קומען צו איר צו גאסט. די ערשטע בלומען נאך מיין אפעראציע האב איך באקומען פון אנדרי לאפאן. געווען ביי איר צו גאסט אין סעינט־אגאט, זומער און אויף קריסטמעס. זי פלעגט מיר שרייבן בריוו, זיך טיילן מיט מיר מיט אלע נייעס.

ווער איז ביי איר דארט ניט געווען, און וואס פאר א כבוד פלעגט מען איר אפגעבן, נישט צו באשרייבן. די אייניקלעך פלעגן גרייטן צום טיש, וואשן דאס געפעס, גיין מיט איר איינקויפן. זי האט זיי אלץ געלערנט פון קליינוויז אָן, אפילו קאכן און באקן. דער באבעס ווארט איז געווען הייליק.

די יונגערע טאכטער פלעגט אפט קומען באזוכן דער מאמען. איר מאַן, א גרויסער געלערנטער, געווען אויף קאנפערענצען אין ענגלאנד, דייטשלאנד, פראנקרייך, אין רוסלאנד און אנדערע לענדער. זייער א היימישער, ווארעמער מענטש, ליב געהאט א קליינעם לחיים. ניט איינמאל מיך מיטגענומען פון מאנטרעאל קיין סעינט־אגאט און געפירט צוריק א היים, אבי צופרידן צו שטעלן אנדרי.

ביז דער לעצטער מינוט זענען מיר פארבליבן גוטע פריינט. איך פלעג באזוכן אנדרי לאפאן אין שפיטאל. זי איז געשטארבן פון קאנסער אין עלטער פון 75 יאר. פארן טויט געלאזט א צוואה, צעטיילט איר קליינע ירושה, ניט מורא געהאט פארן טויט.

״מיין קערפער לאז איך איבער פאר קאנסער פארשונג דעם אוניווערסיטעט מעקגיל״. ס׳איז געווען מיט וועמען ״צו גיין צום טיש״ און ביי וועמען זיך צו לערנען א ביסל שכל.



**סעינט־אגאט**

**אנדרי לאפאָן** פארן טויט.

# א ייד אליין

מען זאגט: אין אמעריקע זענען אלע יידן גבירים. וואס הייסט גבירים? מיליאנערן. אזוי זאגט מען. כ׳האב זיך געטראפן מיט פארשידענע מענטשן אין קאנאדע: מיט גרויסע געשעפטסלייט, געלערנטע, איינפאכע ארבעטער, פענסיאנערן. געזען אלערליי הייזער: גרויסע, קליינע, גאנצע פאלאצן, מיט גרויסע הינט און קליינע הינטעלעך, מיט איין קאץ און מיט פיר ווייסע קעץ, מיט גאלדענע פישעלעך אין קליינע אקוואריומס און אין גרויסע, מיט קאנאריקלעך, פאפוגאיען, מיט ווייסע מייז, זשאבעס, טשערעפאכעס, מאלפעס און אנדערע "אנטיקן". געהערט אלערליי מעשהס און געשיכטעס. א סך געלערנט און דאך ניט גענוג.

"וויפל יידן זענען געקומען קיין קאנאדע מיט יארן צוריק און זיך געפלאגט, געוווינט אין איין צימערל די גאנצע משפחה; געמוזט בארגן אויף א זעקל קוילן, אדער נעמען אויף אויסצאלן. געפאקט און געמאזלט, ווי מען זאגט. גאט זאל אייך אפהיטן קראנק צו ווערן. אַי, אַי, אַי, זענען דאס געווען צייטן", דערציילט מיר מיין שכן, אן אלטער פענסיאנער. "היינט, גאט צו דאנקען. יידן לעבן זיך גאנץ פיין. אמת, ניט אלע זענען געווארן גבירים. אמאל לויפט "דער שלימזל" אנטקעגן, עס גייט ניט. וואס קען מען טאן?" פרעגט מיין שכן. "זעסט דעם ייד? א ווילער, גוטהארציקער מענטש. וווינט אליין, אין א קעלער. באליידיקט ניט קיין פליג, פארדינט "וואסער אויף קאשע". ניט קיין ווייב, ניט קיין קינד. כ׳האב געפרעגט אמאל: "פארוואס ביסטו אליין?" ענטפערט ער מיר: "ווער וועט מיט מיר חתונה האבן? א פרוי וויל א מאן, וואס מאכט פרנסה. קיין גרויסער פארדינער בין איך ניט". "מיט איין ווארט", זאגט מיין שכן, "א ייד, א קבצן".

דער מאן האט אויסגעזען, ווי א רוסישער בער: הויך, דיק, דער קאפ ארייגעוואקסן אין די אקסלען. געדיכטע, שווארצע האר, געמישט מיט זילבער. געגאנגען פאוואליע, פארטיפט אין זיינע געדאנקען.

"קיינער קומט ניט צו אים און ער גייט ניט צו קיינעם. דאס איינציקע פארגעניגן זיינע איז, דערציילן וועגן "די אלטע, גוטע צייטן".

"מיין מאמע פלעגט אפקאכן א גרויסן טאפ קארטאפל, מיט הערינג, פאר אלעמען. אוועקשטעלן דעם סאמאוואר, א גרויסן קופערנעם סאמאוואר, געבראכט נאך פון רוסלאנד". זיין פנים ווערט לעבעדיק. "און לאטקעס פלעגט זי מאכן. איך מאך אויך לאטקעס, זיך אויסגעלערנט ביי דער מאמען." ער זיפצט: "געשטארבן, שוין לאנג, ווי זי איז געשטארבן"...

וואס גייט אים אן די „משוגענע״ וועלט, ווי ער זאגט, ווו „מען פארקויפט זיך נאר פאר געלט. דער מענטש אליין האט קיין ווערט ניט, נאר דאס געלט״...

קענען זיי דען אפשאצן דעם אוצר, וואס ער האט פארלארן ־די גוטע, יידישע מאמע. וואס פאר א ווערט האט די מאדערנע וועלט פאר דעם שטילן, גוטהארציקן מענטש, אן דער אמאליקער ווארעמער היים? ער קען נישט פארשטיין די אגרעסיווע וועלט, און אפשר וויל ער זי ניט פארשטיין. טאג איין, טאג אויס אליין. גייט זיך פאוואליע עפעס קויפן, קומט פאוואלע צוריק, און ווידער אליין. די גאנצע ציוויליזירטע וועלט האט אים פארגעסן. זיין איינציקער פארמעגן איז דאס בילד פון דער מאמען און איניקע קליינינקייטן, וואס זענען פארבליבן „פון אמאל״. ער היט דאס אפ, ווי אן אויג אין קאפ.

„אין אונדזער קליינעם שטעטל בין איך געווען א מענטש מיט מענטשן גלייך, אלע דיזעלבע גבירים. א פאר גראשן מער, א פאר גראשן ווייניקער. מען איז געווען צופרידן, ס׳איז דא וואס צו לייגן אין מויל. אבער היינט? וואס פאר א קאלאסאלער קאנטראסט צווישן ווירקלעכקייט און ארעמקייט״. ער האט מיך איינגעלאדן צו זיך.

איך בין געווען גערירט. די גייציקע, „נייע וועלט״, מיט איר שנעלן טעמפא און לויפעניש, האבן אים ניט געקענט באאיינפלוסן, ארייננשלעפן אין זייער שטראם, אין געיעג נאכן „טייוול״, וואס הייסט: „מאני, מאני, מאני״, נאר געלט. ער איז ניט ברוגז אויף דער גאנצער וועלט, פארלאנגט ניט צופיל פון לעבן. „וויפל דארף איך? איין מענטש, אליין. כ׳האב גענוג. מיט זיך נעמט מען גארניט. ווי ס׳ווייזט אויס, ווירקט דא דער קלימאט אויף אלעמען. מען כאפט און מען כאפט. א מענטש איז נאר א מענטש, מען פארגעסט״...

איך גלויב די גאנצע אגרעסיווע וועלט, מיט איר גרויסן אפעטיט, גרייט אלץ און אלעמען צו פארשלינגען, וואלט געקענט זיך לערנען א ביסל מענטשלעכקייט ביי דעם ערלעכן, עלנטן ייד, וועלכער איז קיינעם ניט מקנא, מאכט „דער מאמעס לאטקעס״, עסט „וואס גאט האט געגעבן״, און טראכט נאך אלץ: וועמען זאל ער איבערלאזן דער מאמעס גרויסן, רוסישן סאמאוואר?

# א קליין שטעטל אין א גרויסער שטאט

אין סיערארז בין איך קיינמאל ניט געווען, ניט געהערט אפילו פון אזא שטעטל, ערגעץ עק וועלט. א מאל איז מען ניט ארומגעפארן, ווי היינט. אלס קינד בין איך געווען אין אזיאר, א שטעטל לעם גראדנע, ביי דער באבען אין ווילנע און אין דרוסגעניק מיט דער מאמען. האב איך חתונה געהאט מיט א סיעראדזער, און טאג איין טאג אויס פלעגט ער מיר דערציילן וועגן זיין שטעטל. וואס פאר טייערע מענטשן זענען דארט געווען, ווי איבערגעגעבן איינער דעם צווייטן. מען האט געפילט, עס פעלן אים אויס זיינע סיעראדזער אויף שריט און טריט.

"וואס באַרימסטו זיך אזוי מיט דיין סיעראדז. אויך מיר א שטאט. ציגן פלעגן דארט שפאצירן אויף די דעכער", ענטפער איך אים. "דורך סיעראדז פליסט אדורך די ווארטע. די קעניגין יאדוויגא ט׳געלעבט אין סיעראדז". "זענען מיר מחותנים. אין גראדנע געפינט זיך דער שלאס פון סטעפאן באטארי, און אין ניעמאן פלעגן זומער דערטרונקען ווערן מער סאלדאטן, ווי ביי אייך אין דער ווארטע". "אין סיעראדז איז געווען די גרעסטע פאליטישע תפיסה", זאגט מיין מאן. "אויך מיר א יחוס. גראדנער זענען געלאסענער פון אייך, סיעראדזער. זיי פארנעמען זיך ניט מיט אזעלכע נארישקייטן". מיין מאן שלאגט מיר איבער: "און אזא טאלאנט, ווי נח רייך איז ביי אייך געווען? ס׳וואלט פון אים אויסגעוואקסן א צווייטער רובינשטיין. א שעמעוודיקער, ארימער בחור. געשפילט פיאנא אן נאטן, און ווי געשפילט. קיינמאל ניט געלערנט.

איך האב געוווסט אלע מעשה׳ס וועגן סיעראדז. ווו ס׳האבן געדאוונט די גערער חסידים און ווו די אלעקסאנדער חסידים, וועגן דער גרויסער שול און דער האנטווערקער שול, ווער ס׳איז געווען אן אפיקורס און ניט געפאסט יום - כיפור, וועגן דער גרויסער ליבע צווישן פייגעלע זיגערס ברודער און מיין מאן׳ס עלטערע שוועסטער חיה, ווי די עלטערן האבן ניט דערלאזט דעם שידוך, וואס פאר א גוטער פוטבאליסט ס׳איז געווען חולקע גודלעוויטש און וועגן זיין פריינד מוליש יאקובאוויטש, ווי זיי האבן זיך פארלארן אין וועג. ווו ער האט זיך געטראפן מיט יהודה וואלדמאן, וועגן דעם גרויסן געלערנטן שטערנפעלד, ווי מרדכי דער וואסערטרעגער האט "אפגענארט" די פאליציי, אנשטאט צושרייבן א פאר פאסעקלעך, האט ער אלע אויסגעמעקט. (שרייבן האט מרדכי ניט געקענט). כ׳האב פארגעסן נאך א סיעראדזער העלד, דעם צווייטן וואסערטרעגער, יצחק. דער פלעגט אייך זאגן אין איין מאמענט, ווען ס׳וועט זיין פסח אין צען יאר ארום. מיט איין ווארט, ניסים פון סיעראדז.

